
ספר הקדיש
ילקוט אליהו
מקורו, ערכו
אדות הקדיש
סודו, כוונתו
א זאמלונג וועגן קדיש, פון אליהו
חמשה קדשים
קדיש שלם
חצי קדיש
קדיש דרבנן
קדיש קבורה וסיום
קדיש יתום
BY, EPHRAIM ELIJAH RIBACK;
LECTURER: AUTHOR OF YALKUT, SFIRO, OVOIS ETC: CHICAGO ILL.
1942
מאסף, מחבר ומחדש;
אפרים
אליהו ריבאק;
מטיף ולומד תורה;
מחבר ילקוט ספירה,
אבות ועוד: תשב לפק
שיקאגא איլל.
כל העונה אמן, יהא שמיה רבא מברך;
בכל כוחו; קורעין לו, גזר דינו.

Printed
in
U. S. A.
1943

# הנאהבים והנעימים
# בחייהם ובמותם
# לא נפרדו

אין אָנדענקען פון אומפארגעסליכער מוטער און פרוי, שפרה לאה ריבאק, (געוועזענע נאמן), אוועק צום אייביגען רוה ב׳ תשרי, ר״ה שנת תש״ג, סעפטעמבער 13, 1942

שפרה הית, כל ימי חייך,
פאר הבנות, בכל מעשך,
רגש אהבה, לבני ביתך,
הלויך תמיד בכל דרכך.

לאה ועמלה מעל החיים,
אם ואשת לבה במחנים,
הוד רוח כרביבי מים.

רבות בנות עשו חיל,
יפעת רעיתי, גן נעול:
בת לאבות מפורסמים,
אמת וצדק היו נשלבים,
קבוצת ישורון נאמנים.

זכר נאמן, לבעל, בנים, בנות,
אחים, ובני בנים, הלכה
ואין לנו תמורתה

תנצב״ה

# אינהאַלטס פאַרצייכענים

•


YALKUT ELIJAH;
ילקוט אליהו;
אַ זאמלונג;
פון אליהו
וועגן
קדיש
KADDISH
קדיש
ABOUT
KADDISH
אודות
קדיש;
PART ONE
HISTORICAL DEVELOPMENT
VALUE AND MEANING OF KADDISH
TEXT & TRANSLATIONS OF THE VARIOUS KADDASHIM: TABLETS EL MOLE, YISKOR, DATES FOR YAHRZEITEN WITH TRANSLATION
ערשטער טהייל
מיינונג, צוועק, נוסחאות און דינים פון "קדיש":
טאבעלען פאר "יזכור", אל מלא רחמים, דאטען פאר יאהרצייטען, מיט איבערזעצונגען
PART TWO;
MEANING AND SIGNIFICANCE OF A ALMANAC: COMPARING HEBREW AND CIVIL DATES FOR 120 YEARS; FROM SEP. 6TH 1880, TO SEP. 29TH 2000
צווייטער טהייל;
בעדייטונג און סיסטעם פון לוח; פערגלייכונג פון אידישע און וועלט דאטען פאר 120 יאהר פון תרמ"א ביז תש"ס.
BY ELIJAH A. RIBACK
IN THE YEAR
1942 5.702
פון אפרים אליהו ריבאק
בשנת 5702
השב אנוש עד דכא.
לפ"ג לפ"ק
CHICAGO ILL.
שיקאגא איל.

## מבוא לילקוט אליהו אודות „הקדיש", מהמלומד המפורסם הרב אברהם אליהו אברמביץ, רב בבית המדרש הגדול דאַלבאני פּאַרק, שיקאגאָ, אילינאָיז.

דער קדיש, ווי זיין נאָמען באַדייט — איז איינער פון די היילינסטע תפילות ביי אונז אידען. דער קדיש איז דער קלימאַקס פון יעדע הייליגע אונטערנעמונג, אין תורה אָדער תפילה, און איז דער פּאַסענדסטער אויסדרוק פון אַ גייסטיגער שטרעבונג, אַ מין סך הכל פון אַ רעליגיעזער, עמאָציאָנעלער געפיהל.

די היסטאָריע פון דעם קדיש איז פארוויקעלט אין אַ מיסטעריעזע פאַר־גאַנגענהייט, וואו דער קדיש איז פאָרמאַלירט געוואָרען, ווי אזוי ער איז ענט־שטאַנען, איז אַ שטודיום וואָס האָט באַשעפטיגט די מוחות פון אידישע געלערטע און זעהר אינטערעסאנטע פאַקטען און אידעען זיינען דורך די פארשידענע פאָר־שונגען צו ליכט געקומען.

מיין פריינד דער געלערטער אידישער פאָרשער און דענקער, מר. א. א. ריבאַק, אַ איד אַ תלמיד חכם אין דעם פולען זין פון וואָרט, האָט אויף זיך גע־נומען די אויפגאבע צו ברענגען דיזע אַלע פאַקטען צו די ברייטע אידישע מאַסען אין דער אידישער שפּראַך און צו דערצו האָט ער אויך דערלייגט מעהר ווי א נופך משלו, אַ היבש ביסעל פון זיינע אייגענע געדאַנקען, זיינע רעליגיעזע און פילאָזאָפישע, היסטאָרישע און סאָציאַלע פאָרשונגען פון דעם שענסטען ארט און פאָרם.

איך באַגריס איהם הערצליך און ווינש איהם גליק אין דיזע גרויסע אונ־טערנעמונג. דער קדיש, וועלכער ווערט ביי אונז דערמאָהנט און רעציטירט אין מאָמענטען פון גרויסע קריזיסען, אין באַדינגונגען פון געשפאַנטע עמאָציאָ־נעלע אנשטרענגונגען, וועט אויסגעלייזט ווערן פון זיין ביז איצטיגען איינגע־וויקעלטען פארנעפּעלדיגען עבר, דורך די שעהנע, גראָסארטיגע אָפּהאַנדלונגען, וועלכע ווערן איצט אזוי שעהן פאַרבערייטעט פון מיין טייערען פריינט, ה' רי־באַק, נ"י.

זאָל גאָט איהם געבען געזונט און כח אויסצופיהרען זיין ארבייט און זאָלען די אַלע וועלכע האַלטען טהייער אַלעס וואָס איז אידיש און רעליגיעז איהם געבען די פולע, ריכטיגע מיטהילפע.

(אונטערגעשריבען)

**אברהם אליהו אברמביץ,**

בית המדרש הגדול פון אַלבאַני פּארק, שיקאגאָ.

## איניגע ווערטער וועגען דעם ספר ילקוט אליהו פאר'ן "קדיש", פון געלערטען, דענקער און פאָרשער, הרב דר. מאיר וואַקסמאַן

איך גלויב דאָס דער "ילקוט אליהו" ברויך נישט קיין הסכמה. ער רעדט פאר זיך אליין. זיין נוצליכקייט זעהט זיך ארויס פון יעדען עמוד. אָבער אזוי ווי "דברי תורה צריכין חיזוק", בין איך צופרידען צו אויסשפרעכען מיין מיינונג און זאָגען דאָס דער געלערנטער מחבר התורני, "ר' אפרים אליהו ריבאק", האָט געטהאָן א וויכטיגע ארבייט אין געבען א פּאָפּולערע אָבער באלייכטענדע אפשאצונג פון קדיש און זיין פלאץ אין דער עבודת אלהים.

עס איז שוין לאַנג צייט דאָס די אינערליכע ליכט פון אונזערע תפילות זאָל מעהר אריינדרינגען אין אונזערע הערצער, און ווי עס איז באוואוסט פארנעמט דער קדיש איין אויסערגעווערהנליכען פלאַץ אין אונזער סדר התפלה.

עס איז דאריבער לויבענסווערטה ווען דער חשוב'ער מחבר באהאַנדלעט אויספיהרליך דעם אורשפרונג פון קדיש, זיינע כונות, הן אין באצוג צו די עיקרים פון יודענטום והן אין באצוג צו הייליגקייט, און פרינציפען פון מאָראל. זעהר וויכטיג זיינען די פרקים וועלכע ענטהאַלטען די דינים פון אבלות בכלל און קדיש בפרט.

דער "ילקוט אליהו" איז א נוצליכעס און א באַלערענדעס ווערק און דער מחבר פאַרדינט א דאַנק.

תתחזקנה ידי ר' אליהו. זאָל גאָט איהם העלפען ארויסגעבען אַנדערע ווערק וועלכע וועלען באלעהרען די אידישע מאַסען אין דעם וועג צו אידעשקייט.

**מאיר וואַקסמאַן.**

# הקדמה — דער מוסר השכל וואָס עס לערענט אונז דער ענין פון "קדיש"

עס איז דאָ א מאמר: "הכל תלוי במזל אפילו ספר תורה שבהיכל" — אַלעס הענגט אָפּ אין גליק, זאָגאר א ספר תורה אין ארון הקודש, איינע איז באפוצט און באַציערט, מען לייענט אין איהר אָפט, א צווייטע ווערט פארנאַכלעסיגט, אָנגעטהאָן איז אַן אָפּגענוצטען מענטעלע, ווערט ארויסגענומען פון ארון הקודש, בלויז צו הקפות.

דער כלל קען ווערן אריינגעפּאסט, ווען מיר נעמען אין אָנבעטראכט דעם געגענווערטיגען טרויעריגען מצב פון דער אידישער אמונה, וואָס ווערט פון טאָג צו טאָג שוואַכער; די תורה איז ביליג און פארלאָזען, אידישע מדות טובות און פרינציפּען פארלייקענט, עיקרי הדת ווערן אונטערגעשעצט און פארשוועכט. און אין קאָנטראסט זיינען גראדע דאָ מנהגים, דאָגמאָס און טראַדיציעס, וועמעס וויכטיגקייט און תכלית איז פארהילט אונטער אַ מיסטישען שלייער, טהעאָרעטיש איז זייער גרויסקייט ניט באַשטעטיגט, דאָך ווערן זיי שטארק אָפּגעהיט, פארגעטערט ביים המון, זייער אונאָפּענבארע הייליגקייט האָט א שטארקע ווירקונג צו בעאיינפלוסען די אידישע סענטימענטען, זיי מאכען אויפברויזען די געפיהלפאָלע רעליגיעזע סטרונעס פון אונזערע הערצער, זיי היפּנאָטיזירען דורך זייערע עמאָציאָנעלע טענער אפילו די יעניגע וואָס זיינען דערווייטערט פון אונזער תורה, אמונה, דעת ודת.

אין די לענדער, וואו אידען האָבען דערוואָרבען גלייכע רעכטע, סיי זיי זיינען דויערהאפטיגע אָדער צום באדויערען נאָר פארבלענדענישען, ווירקען זיי אָבער איןביידע פאלען, אין מערסטע פעלע אלס פארמיטלער צו א פארניכטונגס פּראָצעס פאר אידעשקייט, דער גלאנץ פון דער שיינבארער עמאנסיפּאַציע, ברענגט צו אַסימילאציע. עס ווערן פארוואָרפען די עיקרי האמונה, די אמת'ע פּרינציפּען פאר וועלכע די אמאָליגע דורות האָבען זיך מקריב געווען, די מצות ומעשים טובים צוליב וועלכע אידען זיינען געוואָרען מאַרטירער, געשעהענישען מיט וועלכע עס איז פול אונזער היסטאָריע, די נסיונות וואָס זיינען פארשריבען מיט בלוט, מאַרך און טרערען פון יענע קדושים, ווי די מאַרטירער זיינען אומגעקומען אויף מסירת נפש, דורך פייער און וואַסער, שווערד און ביקס, הונגער און דורשט, די שחיטות פון די "נוסעי הצלב", (קרייץ-ציגע), די פארברענטע פאַר זייער אמונה, אויפ'ן אָוטא-דע-פע, פארפייניגטע צום טויט אין די אינקוויזיציע'ס מאַטער-קעלערען, גזירת ת"ח, עלילת הדם, גירושים און בלבולים, ביז צו די אידישע צרות פון דער געגענווערטיגער צייט, אין צוואַנציגסטען יאָהר-הונדערט, ווען אידען האָבען פאנטאַזירט, געגלויבט אין ציוויליזאַציע, אז דער פינסטערער מיטעל-אלטער איז א זאַך פון דער פארגאַנגענהייט, בליקען מיר מיט פארצווייפלונג, ווען די חיות רעות, סאַדיסטישע מאַניאקס, בארבאַרישע טיראנען, נאַצים, פאַשיסטען און אנטיסעמיטען, שזאלטען און וואלטען, נאָך ערגער ווי אין פינסטערען מיטעל-אַלטער.

אין יענע לענדער פון אידישע רדיפות, פיזישען פיין און ליידען, זיינען גראַדע דאָ פיעל אידישע גייסטיגע ריזען, מיט זעלבסט-ווירדע, מוטה, אויפאָפּפערונג, וואו מען טהיילט זיך מיט'ן מאָגערען ביסען ברויט, איינציגע בעט צום

שלאָפען, מלבוש, א. ד. ג. מיט סכנת נפשות שטעהען זיי שטאָלץ, געגען די ווילדע דעגענערירטע אונמענשען, בלוטיגע רוצחים, ווען ס'ווערט געפייניגט דער אידישער גוף, באשפּיגען און באַשימפּט דער חומר, צאנקט דער אידישער גייסט מיט די אידעאלען פון ג-ט, אמונה, תורה, מאָראל און נאַציאָנאליזמוס, וועלכעס ס'גיט זיי די כוחות, דעם אנטי־דאָס ניט צו ווערן פארצווייפעלט, האָפען אויף'ן טאָג פון "ותכלה ממשלת זדון מן הארץ", ס'וועט קומען די אידישע ישועה.

דאַגעגען זעהען זיך ארוים די אידישע שוואכקייטען, יאוש און טרוסטריי, אנטרינונג און זעלבסט פארלייקענונגען, גראַדע דאָרטען, וואו זיי האָבען אין אַ געוויסען מאָס רעכטע און פרייהייט, זיינען בעסער אָפּ עקאָנאָמיש, מיט קולטורעלע מעגלאכקייטען. די פארפיהרערישע אידישע פסיכאָלאָגיע און פארבלענדעניש האָט נאָך באמערקט און קריטיקירט משה רבינו ע"ה. אין פ' האזינו ווערט געזאָגט: "שמנת עבית כשית, וינבל צור ישועתו" — ווען אידען ערווערבען רייכקייט, פרייהייט און וואָילקייטען, פארגעסען זיי, פאראומווירדיגען און ווידערשפעניגען דעם בורא עולם, דעם אַלמעכטיגען וואָס העלפט זיי. גלייכגילטיג אָהן וועלכער שאנדע ווערט אידעשקייט פארלייקענט, עס האָדעווען זיך דורות פון אומוויסענדע און גלייכגילטיגע צום יודענטהום, און אפילו אַזעלכע וואָס זיינען נאָך כלומרשט מיט אונז, מיינען אז זיי זיינען יוצא מיט שטיקלאָך און ברעקלאך, סיזאָן־אידען, ימים־הנוראים, יזכור, יאָהרצייט, בר מצוה און אבילות, אָדער א בית עלמין, א דורש אל המתים יודענטהום, נאָר מיט א רחמנות פילאנטראָפּישען מאָטיוו "דת ישראל". ביי אַנדערע איז כל התורה כולה, א כשרות — "ותורתך בתוך מעי, והייה זוללה אמונה".

דער שיינבארסטער אויסנאהם אין דעם פאראדאָקסאלען קולט איז דער "קדיש" ווען הלילה אין א טויטען־פאל, ערוואכט דער אידישער געוויסען, סענטימענטאלע געפיהלען פאר די אוועקגעהענדע, וועקען אויף ביי זייערע יורשים שטימונגען, צו וועלען אָנהאַלטען א באַהעפטיגונג, א צוגעבונדענקייט, נישט איבערגעריסענעם שייכות פון א גייסטליכע איינינגקייט צווישען די דורות. צום באדויערען ווערן די פעדים אויסגעשפונען, בלויז פאר א צייטווייליגען אָנהאלט. עס פעהלט די דויערהאפטיגקייט. דער צוועק ווערט ניט ערריכט, צוליב דער שטערונג, ווי עס ווערט כאַראַקטעריזירט אין "פרקי אבות": "אין בור ירא חטא ולא עם הארץ הסיד". דער נייער דור איז נאַאיוו . . . און ער ווערט פאַרפיהרט דורך'ן איינפלוס פון געוויסע עלעמענטען . . . וועלכע נוצען אויס פאַר אייגענע אינטערעסען די טהייערע הייליגע מאַטעריאלען, דעם סעמענט, וואָס האָט דעם יכולת צו באפעסטיגען די גענעראציאָנען. דער אָנהאלט פון די ביינקענדע נשמות ווערט ניט אויסגענוצט פאר דער ווינשענסווערטהער אויפגאבע.

דער פועל יוצא איז, אז די ערוואכונג איז בלויז, ווי א מאָמענטאלער אויפלייכטענדער פייערל, וואָס ווערט שנעל אויסגעלאָשען. דער איבערגעהענדער דור ווערט ניט באלויכטען מיט'ן מאור היהדות. גראַדע ווי פריהער, אזוי אויך נאָך'ן אבילות־פעריאָד, זעהט מען ניט אָן קיין שוהל, ווייט פון אידישע אינטערעסען. דער קדיש־זאָגען ווערט אָפּגעהיט אין מערסטענפעלע טריי און ערנסט, מיט ענטוזיאזמוס, פאר דער טראדיציאָנעלער דאָגמא. עס דערגרייכט צייטענווייז צו א שטופע פון אַבערגלויבען, אַ פאַנאַטיק'ס עקסטאז, און מיט'ן זעלבען אויפברויזען, אָנגעשטרענגטען התלהבות, פלאצט עס ווי א צו שטארקע, אָנגעצויגענע סטרונע, ווייל דער מיסטישער נעבעל איז ניט געוואָרען באלויכטען, דער פארדעקטער שלייער איז געבליבען פארהיילען, די בלינדע האַלוסינאציעס האַלטען אָן די דונקעלהייט, דער אויפגעוועקטער הארץ אויסגוס ווערט איינגעשלאָפען.

עס איז ניט געוואָרען אויסגענוצט די געלעגענהייט פאר דער צייט וואָס זיי זיינען געווען מיט אונז, אז זיי זאָלען ווערן צוגעצויגען צו אונז מיט באַגרייפענדע מאָטיווען, אינטעליגענטע באגריפען צו אונזער תורה, אמונה, נאַציאָנאַליזמוס און אלגעמיינע אידישע אינטערעסען — די עלעמענטען זאָלען איבערנעהמען די גייסטיגע ירושות, אָנהאַלטען דעם נר תמיד, מאַטעריאל אין וועלכען מיר זיינען אזוי שרעקליך אָרעם. די פארבלאָנדזשעטע נשמות דאזלין ערטילאין, וואָס זיינען געווען צייטווייליג אויף'ן שיידע-וועג, מיט סימפּטאָמען און געפיהלען, אריינצוקומען אין אונזערע מחנות, ווערן צום באדויערן אָפּגענייגט פון דעם דרך הישר. זיי ווערן ווידער די געוועזענע פארדארטע, געפּאַראַליזירטע איברים המדולדלים, די עצמות היבשות פון אידישען קראַנקען קערפּער, ווייל עס איז ווי דער רעיון אין דער אגדה: "ווען די השגחה איז ביין אויף די שעפּסען ווערן זיי איבערגעגעבען אין די הענט פון א בלינדען פאסטוך . . .

פאר דער צייט וואָס זיי זיינען מיט סענטימענטאַלע געפיהלען געטריבען געוואָרען צו אונזערע מחנות, איז ניט געוואָרען ווי געהעריג אויסגענוצט דער איינפלוס פאר דערנעהנטערען, באקענען זיי מיט'ן מאור-היהדות. זיי קריגען דאמאָלס די איינבילדונג, אז עס איז א געצוואונגענער פליכט, עס בלייבט ביי זיי א הארצענס-געפיהל, אומפארשטענדליך צו זייער אינטעליגענץ, דער קדיש-זאָגען צייט איז ביי זיי א לאנגע אָפּקומעניש. זיי פּטר'ן דאָס אָפּ כאילו כפאוס שד . . . (אזוי ווי געצוואונגען פון א טייוועל) די אבלים פעהלט דער וויסען, און מען פארפעהלט זיי צו ערקלערען דעם געדאנק, באדייטונג, אורשפּרונג, כונה און טראַדיציאָנעלען צוועק פון דעם קדיש פליכט .דאָס ברענגט זיי צום צופרידען זיין, פּטור צו ווערן פון דעם יאָך. דער ניט וויסען ברענגט זיי צו שעדליכע שליסע, מיט אַ ווידערווילען צו אידעשקייט בכלל. עס קומט אויס, לויט זייער אָפּשאצונג, אז ווען א הויפּט זאַך, אַ עיקר היהדות, ווי דער קדיש, פון וועלכען מען מאכט אזאַ וועזען, איז אומלאָגיש, אָהן א אידעאל, א באפרייאונג צו דער נשמה, וואָס זאָל צופרידענשטעלען זייער פארשטאַנד, אינטעליגענץ און ג-ט-זוכעניש, איז דאָס מן הסתם דער ביישפּיל פון גאנצען יודענטהום.

עס איז דארום א הייליגע רעליגיעזע פליכט, א מאָראַלישע אויפגאבע, א פּרינציפּיעלע נויטהווענדיגקייט צו עפענען די אויגען פון די בלינדע, עס איז ווינשענסווערטה אויסצונוצען דעם שעת-הכושר פון קדיש זאָגען, ווען אונזערע קינדער ערוואַכען פון זייער היהנער-פּלעט, דורך דעם אָפּשייד פון עולם התוהתוך, ביי זייערע ליבע און טייערע, ווען זיי זיינען בבחינת בעלי תשובה, אז זיי זאָלען וויסען און באַגרייפען דעם הייליגען צוועק. דער קדיש-זאָגען זאָל דינען אַלס אַ איבערגאנגס בריק, איבערצושפּאנען דעם פארניכטענדען תהום, וואָס טיילט אָפּ דעם געוועזענעם און קומענדען דור. עס דאַרף ווערן באַטאָנט, אז אין עניני אמונה דארפען קינדער נאָכפאָלגען די עלטערן, מען זאָל זעהן אז די זאָגענאנטע מתקני הדת (רעפאָרמער), זיינען באמת פורצי גדר (צוברעכער); זיי צושטערען מעהר ווי זיי בויען, מיט'ן פארקירצען, אָפּשניידען די תפילות, וועלען זיי קיינעם ניט ברענגען אין שוהל. עס איז א פארפיהרערישער מאָטיוו, דער טענדענץ "נהיה ככל הגוים בית ישראל (מיר ווילען זיין ווי די פעלקער), מען איז מדחה דעם עיקר היהדות פון "זאת התורה לא תהא מחולפת".

דער תמצית פון קדיש זאָגען איז ער זאָל דינען אלס פארמיטלונגס אויפקלערונג פון דעם "נר מצוה ותורה אור" — א מצוה איז ווי א ליכט, וואָס איז אליין אַ פינסטערע מאַסע, איהר נוצליכקייט ווייזט זיך ווען זי ווערט באלויכטען, אזוי איז, ווען די מצוה ווערט באַשטראהלט מיט דער תורה ליכטיגקייט. אזוי ווערט אָנגעדייט אין תהילים, "נר לרגלי דברך ואור לנתיבתי", די ג-טליכע

רייד קומען מיט דער השפעה פון דער תורה ליכטיגקייט. מיט נאך א פסוק ווערט באצייכענט דער אידעאל "נר אלה' נשמת אדם", — א ג-טליכע ליכט איז דעם מענשען'ס נשמה, ווערט דער צוזאמענהאנג אילוסטרירט אין מדרש: "דער רכש"ע זאגט צו די אידען, נרי בידכם, ונרכם בידי, אם תשמרו את נרי, אשמר את נרכם" — ווען מיין ליכט, די נר מצוה ותורה אור, איז ביי אייך מענשען אין האנט, איז אייער ליכט, די מענשענשע נשמות, "נר אלה' נשמת אדם", אין מיין האנט. ווערט איהר מענשען היטען מיין ליכט, די תורה, וועל איך דער מנהיג העולם היטען דעם בשר ודם'ס ליכט, דעם מענשען'ס נשמה, לעבען און וואויל-זיין.

דער "ילקוט אליהו" טרייט ארויסברענגען דעם אידעאל, וואס עס איז פארשלייערט אין דעם תפילות קדיש. עס ווערט צונויפגעזאמעלט פון קדמונים ואחרונים די פארהאנדלונגען וועגען דעם ענין, וואס זיינען דא אין פיעל ספרים, מיט א טל של תחיה, צוגעפאסטע אייגענע געדאנקען. עס ווערט ארויסגעדרונגען, געשעפט פון די פארבארגענע קוואלען, דער צוועק פון קדיש, זיין ענדצ-ציעל, איז ווי די זעהונג פון לעצטען פסוק אין מלאכי (ג' כ'ד), "והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם, פן אבוא והכתי את הארץ חרם" — אליהו הנביא וועט אומקעהרען די הערצער פון די עלטערן אויף די קינדער, און די קינדער'ס הערצער צו זייערע עלטערן, ווען די דורות הארמאנירען ניט, ווערט אלעס פאר-וויסט. אין קדיש נעמען די קינדער איבער זייערע עלטערן'ס אידעשקייט.

דער ספר איז נויטיג פאר אלע קלאסען אידען — די איינפאכע און אפילו בר-אוריונס, יודעי ספר, לומדים און מלומדים, ווייל עס איז א אפטע ערשיינונג, "כי ישאלך בנך לאמר מה זאת? — ווען די אפגעפרעמדטע אידען פרעגען ביי די לערנער און וויסענדע, וואס איז דער געדאנק, צוועק, נוצען, באדייטונג, דער פלאץ, אורשפרונג, מאראל און פרינציפ פון "קדיש" — בלייבען זיי אין א פאר-לעגענהייט. נסתתמו טענותיהם, זיי קאנען ניט געבען קיין אינטעליגענטען, צו-פרידענשטעלענדען ענטפער. דער מלקט און מחבר האט פיעל מאל אליין דורכ-געמאכט דעם פראצעס. עס איז שווער און שעדליך צו טרייען מדחה זיין די סתם מקשן'ס, און אפט אינטעליגענטע פרעגער, מיט שטרויענע תירוצים. עס זיינען דא ווי זיי ווערען אין דער הגדה כאראקטעריזירט "ארבעה בנים", פיער סארטען פרעגער, און אם נויטהווענדיגסטען איז דער ילקוט נויטיג פאר די אלע פרעגער אין די פארשיידענע מדרגות.

פאר די מאסען פון אידען, וואס זיינען נאך באהעפט צום יודענטהום מיט שטארקע און שוואכערע פעדים, איז דער ספר אין אונזער פאלקס שפראך "אי-דיש", וועלכע עס פארשטעהען נאך דער רוב מנין ובנין פון אידישע אידען. מיר דיינקען אויך, אז עס איז נויטיג דער ילקוט זאל ווערען איבערגעזעצט אין דער ענגלישער שפראך, וועלכע איז איצט דער לשון פון מיליאנען אידען, וואס פאר-שטעהען ניט קיין אידיש.

## אפרים אליהו בר' חיים צבי הלוי ריבאק,

געוועזן רבי פון חברה ש"ס, מקרא, הלכה, מדרש און אגדה,
אין איינינגע שיקאגא'ר שולען; מפיץ תורה, מטיף, ועסקן
לאומי, פה שיקאגא, אילינאיז, אמעריקא.

בשנת תש'ב (לפ'ק) אנוש עד — ותאמר שובו!

## ילקוט אליהו, פרק א׳ — אורשפרונג און אַנדייטונג פון "קדיש"

דער ספר איז וועגן דער תפילה וואָס איז באַקאַנט מיט׳ן נאָמען "קדיש". אזוי ווערט דאָס גערופען אין פוסקים, ביי גאונים קדמונים ואחרונים, און אין פיעלע פלעצער אין תלמוד. עס איז אָבער דאָ ערטער ביי די חז"ל, וואו די תפילה ווערט באצייכענט מיט׳ן נאָמען "יהא שמה". אין מסכת ברכות, ג׳, ווערט געזאָגט: „בשעה שישראל נכנסין לבתי כנסיות ובתי מדרשות ועונין ׳יהא שמיה הגדול מבורך׳, הקב"ה מנענע ראשו ואומר, אשרי המלך שמקלסין אותו בביתו כך, מה לו לאב שהגלה את בניו?! אוי להם לבנים שגלו מעל שולחן אביהם" (ווען אידען געהען אריין אין שוהלען און ביהמ"ד און זאָגען ׳יהא שמיה הגדול, אָדער רבא מבורך", איז דאָס א נחת רוח צו דער שכינה. דער כול־יכול שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, פון צופרידענהייט אוך איינשטימיגקייט, און די ג־טהייט זאָגט: ׳וואָויל איז צום קעניג, וועמען זיינע קינדער ריהמען אויף דעם וועג, וואָס האָט א פאָטער, וועלכער האָט פארטריבען זיינע קינדער, און וועה איז צו קינדער, וואָס זיינען פארטריבען געוואָרן פון זייער פאָטער׳ס טיש."

על פי "קבלה" ווערט גע׳דרש׳נ׳ט, אז מיט יעדען אות פון וואָרט "יהא" איז דאָ א שם־הויה: "יה, הוה, אלהים". דער תוספות קומט צו דער מסקנא, אויף דער אגדה, אז דאָס איז דיזעלבע תפילה דער "קדיש", דער וואָרט "שמיה" איז כולל, טהיילט זיך אין צוויי ווערטער: "שם־יה"—ג־ט׳ס נאָמען. אין שבת, (קי"ט) איז דאָ אַנאַנדער גירסא: "כל העונה ׳אמן יהא שמיה רבא מברך׳ בכל כוחו, קורעין לו גזר דינו"—דער וואָס ענטפערט מיט זיין גאנצען כח ׳אמן ישר׳מ׳, ווערט צוריסען זיין שלעכטער גזר דין, עס ווערט פארביטען צום גוטען. פון דעם איז געוואָרן באַגרינדעט דער גלויבען אז "קדיש" איז מתקן די נשמה: "ברא מזכה אבא". אבלים׳ס קרעפטיגען קדיש זאָגען, מיט קהל׳ס ענטפערען "אמן יהא שמיה רבא", איז א סגולה צו עלית הנשמה. דער יתום מיט׳ן ציבור זייענען משפיע, אז דער נפטר, ווען ער קומט פאר׳ן בית דין של מעלה, אָפּצוגעבען דין וחשבון פון זיינע מעשים אויפ׳ן עולם הזה־זון, איז דער קדיש־זאָגען דער מליץ יושר. אין מסכת סוטה (מ׳ט) "עלמא אמאי קא־מקיים? אקדושא דסידרא ויהא שמיה רבא דאגדתא שנא ארץ עפתה כמו אופל צלמות ולא סדרים, הא יש סדרים תופיע מאופל"—"אויף וואָס איז דער קיום פון דער וועלט? אויפ׳ן "ובא לציון תפילה" סדר פון קדושה (אָדער קדיש) און אויפ׳ן ׳יהא שמי רבא׳, וואָס מ׳זאָגט נאָך׳ן לערנען, א ראיה איז פון פסוק אין איוב, אַ מידע וועלט, ווי דער שאָטען פון טויט, ווען ס׳איז ניטאָ קיין אָרדענונג, אָבער מיט׳ן סדר איז מען מקיים די וועלט; מיט׳ן זעלבען פסוק קען מען ארויסדרינגען, אז מיט׳ן ישר׳מ, איז מען מתקן א פארפינסטערטע נשמה, אונטער׳ן שאָטען פון טויט..." דאָ איז א רמז פאר׳ן כח טמיר ונעלם פאר תיקון הנשמה דורך "קדיש".

אין דער סדרה ויחי (פ׳ רביעי) דערציילט די תורה: יעקב אבינו האָט בעפאָר זיין הסתלקות, גערופען זיינע קינדער. ער האָט זיי געהייסען פארזאַמלען זיך ארום איהם, וועט ער זיי זאָגען, וואָס עס וועט מיט זיי פּאַסירען באחרית הימים". איז דאָ וועגען דעם פסוק א ב"ר און אן אגדה אין תרגום־ירושלמי: יעקב האָט געוואָלט ענטדעקען זיינע קינדער דעם קץ, האָט זיך פון איהם אָפּגעטהאָן די שכינה. דער לשון אין תרגום איז, אז די שבטים האָבען ארומגערינגעלט די גאָלדענע בעטעל, אין וועלכער יעקב איז געלעגען. זיי האָבען געדענקט, ער וועט זיי מגלה זיין דעם סדר פון "ברכתא ונהמתא" (דער לשון

ווי אין קדיש), איז דאָס געוואָרען פֿון איהם פֿארהיילען, איז דער בחיר האבות געוואָרן באזאָרגט, טאָמער איז ביי זיינע קינדער אויך דאָ אַ פּסול, ווי ישמעאל ביי אברהם׳ן און עשו ביי יצחק׳ן, האָבען די שבטי יה געענטפערט, אויסגע־רופען: ״שמע ישראל — — — אחד״, מיר פֿאָלגען נאָך דעם מורשת אבות, פֿון אחדות הבורא: האָט יעקב אבינו געענטפערט: ״יהא שמיה רבה מברך לעלם ולעלמי עלמיא״. די אגדה זאָל זיין דער אורשפרונג, דער עלטסטער קוואל פֿון קדיש בכלל, און דעם פּזמון ״ישר׳מ״ בפרט, דעם פערז וואָס אלע זאָגען.

ווי ביי יעקב׳ן, אזוי ביי מרע״ה, בעפאָר ער האָט פארלאָזען דעם עמק הבכא, איז דאָ אַ רמז צום קדיש. ער זאָגט אין פ׳ האזינו: ״כי שם ה׳ אקרא הבו גודל לאלקינו״—ווען מען רופט ג־ט׳ס נאָמען, זאָל מען ארויסזאָגען זיין גרויסקייט. מיט דעם פאַנגען מיר אָן דעם קדיש: ״יתגדל״ און אזוי פֿון די ווייטערדיגע לשונות פֿון שבח והודיה: ״יתברך וישתבח וכו׳״, וואָס ווערט גע־זאָגט ביי אלע קדשים, און אזוי אויך אין דעם באדייטענדסטען פערז: ״יהא שמיה רבא״, וואָס מ׳מיינט ווי ״גדול לעלם ולעלמי עלמיא״, די אונענדליכקייט, דער אָהן־סוף... מיט דעם גיבען מיר אונזער איינשטימונג, אז די וועלט ווערט געפיהרט מיט גערעכטיגקייט, מיר דארפען בענטשען דעם מנהיג־העולם, פאר אלעס וואָס ס׳פאַסירט, אזוי ווי פאַר גוטעס, אזוי אויך הו״ש אין צייט פון צער. ווען דאָס איז געווען די צוואה פֿון יעקב אבינו און משה רבינו, בעפאָר זייער פּטירה, אזוי איז דער ווילען פֿון יעדען פאָטער בעפאָר ער געהט צו זיין אייביגען רוה, צו לאָזען נאָך זיך אַ ״קדיש״...

דער ״קדיש״ רעיון, איז אויך דאָ ביי דער ערשטער שכינה ענטפלעקונג צום רעיה־מהמנא ביים סנה, ווען מרע״ה פרעגט ביי דער התגלות אלקים, אז די אידען וועלען מיר פרעגען, וואָס איז דער נאָמען פון אונזערע אבות ג־ט, וואָס זאָל איך זיי זאָגען? ענטפערט דער מרי דעלמא ״אהיה אשר אהיה״, איך וועל זיין דאָס וואָס איך וועל דארפען זיין, לויט זייערע מעשים: א ״אל קנא ונוקם״ און אַן ״אל רחום וחנון״, איך פארוואונד און איך הייל, א ״פוקד עון אבות על בנים״, און א ״מוחל וסלוה״. ס׳ווערט דאָרט אויסגעפיהרט, דער ג־ט פֿן די אבות האָט מיר געשיקט: ״זה שמי לעולם וזה זכרי לדור דור״, מיין נאָמען איז אייביגקייט, מיין עראינערונג איז צו דור דורות, גראַדע ווי אין קדיש: ״יהא שמיה רבא מברך לעלם ולעלמי עלמיא״.. אזוי דרש׳נען די חז״ל אין נוטריקון: ראשי תיבות אויף דעם פסוק: ״תמות נפשי מות ישרים״, איך זאָל שטארבען א רעכטפארטיגען טויט, איז די אותיות ״ישרים״ די ראשי תיבות פון דעם קדיש־זאץ: ״יהא שמיה רבא מברך״, דאָס מיינט די בקשה ס׳זאָלען בלייבען נאָך מיר, ווער ס׳זאָל זאָגען ״קדיש״.

איינער פון די ספרים אין תנ״ך איז ״איוב״. דאָרט ווערט דערצעהלט: ס׳איז געווען אַ מענש אין לאַנד עוץ, מיט׳ן נאָמען איוב. ער איז געווען גוט און פרום, א ג־טספאָרכטיגער, און רעכט־טוער, א געלערנטער און דיינקער, געזונט און רייך. ער האָט געהאט זיבען זיהן און דריי טעכטער, גערא־טענע און פרעה־לאבע, וועלכע האָבען געהאט פארגעניגענס און לוסטיגע טעג. ווען די פמליא של מעלה האָבען זיך פארזאַמעלט פאר׳ן כסא הכבוד, איז צווישען זיי אויך געווען דער שטן־מקטרג, וועלכער האָט גערעדט שלעכטס געגען דעם איוב פאר׳ן בית דין של מעלה. דער שטן האָט ארגומענטירט, ס׳איז ניט קיין באווייז אַז איוב איז באמת גוט און פרום, ווייל ס׳געהט איהם אזוי וואויל, זאָל ער אָבער געבראַכט ווערן צו אַ נסיון, איהם זאָל ווערן שלעכט, וועט ער לעסטערן ג־ט, פאַרלירען זיין בטחון.

די סטרא־אחרא האָט באַקומען די ערלויבניש אויסצופּרובירען איוב׳ן. ס׳איז אויף איהם געקומען איין צרה נאָך דער צווייטער, א אומגליק האָט נאָכ־

געפּאַלגט אַ אומגליק; ער האָט פארלאָרען זיין פארמעגען; ס'זיינען געטויטעט געוואָרן זיינע קינדער: אויף איהם איז געקומען יסורים, צדעת מיט אַנדערע קראַנקהייטען! דאָך האָט ער ניט מתרעם געווען, ניט געהאט קיינע פּריטענ־זיעס צו דער השגחה פּרטית. ער האָט באַרעכטיגט די פּורעניות'ן. ער האָט אויסגערופען: הויל בין איך געבאָרען געוואָרן, הויל וועל איך אַוועק פון דער וועלט; ג־ט האָט געגעבען און ג־ט האָט גענומען, "זאָל ג־ט'ס נאָמען זיין געבענטשט". דאָס איז דער אויסדרוק אין קדיש: "ישר'מ". איוב האָט ניט געלעסטערט, ער האָט ניט געהאט קיין פּריטענזיעס אויף זיין אומגליק, ער האָט אַלעס מקבל באהבה געווען.

אין תלמוד זיינען דאָ פאַרשיידענע מיינונגען וועגען דער לעגענדאַרישער פּערזענליכקייט פון איוב. ווען האָט ער געלעבט? אין וועלכען לאַנד? איז ער געווען אַ איד? ס'איז דאָ אַ מיינונג אַז ער האָט געלעבט אין די צייטען פון אברהם אבינו. דער נאָמען פון זיין לאַנד "עוץ" ווערט עראינערט אין דער תורה אלס דער נאָמען פון א"א ברודער'ס נחור'ס בכור. ס איז אויך מעגליך, אַז ווי ס'ווערט דערצעהלט אין איוב: "ווען די דריי איוב'ס חברים, מיט איהם אליין זיינען מיט זייער פילאָזאָפירען געבליבען אָהן טענות צו באַרעכטיגען די הנהגה פּרטית, איז געקומען א פערטער חבר, מיט דעם נאָמען "אליהוא — ממשפחת רם", ער האָט זיי מנצח געווען אין דעם וכוח, אַז ג־ט און זיין משפט איז גערעכט. דאָס מיינט דער וואָרט "רם", עס איז א טייל פון נאָמען "אב־רם". אַן אַנדער דרוש איז דאָ, אַז איוב איז געווען איינער פון די יועצים מיט וועלכע פּרעה האָט זיך באַראַטען "הבה נתחכמה", מ'זאָל געפינען אַ מיטעל צו פאַר־טיליגען די אידען, און כאָטש איוב איז ניט געווען איינשטימיג צו טהאָן שלעכטס די אידען, אָבער ס'האָט איהם געפעהלט מוטה אַזוי צו זאָגען, האָט ער גע־שוויגען, דארום איז ער באַשטראָפט געוואָרען. ס'איז אויך דאָ אַ מיינונג ביי די חז"ל: "איוב לא היה ולא נברא אלא משל היה", איוב איז קיין מאָל נישט געווען, ס'איז בלויז א לעגענדאַרישער נאָמען, א ביישפּיעל ארויסצוברענגען די מיינונגען, טעזיסען, חקירות און פילאָזאָפיעס וועגען הנהגת הבורא, שכר ועונש און בחירה חפשית...

ז'אָרט ווערן באַריהרט די דעליקאַטנע פראַגען, וועגען דעם תכלית־הבריאה, די שטופע פון מענשען, דעם "בחיר כל היצורים", זיינע מעלות און חסרונות, ווי ער דאַרף מצדיק הדין זיין אין עת צרה, אויך ווען עס טרעפט אַן אומ־גליק, ווי ס'ווערט דאָרטען דערצעהלט פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, אַז ער האָט פארלאָרען צעהן קינדער, זיין געזונט, פארמעגען, האָט ער ניט גע־דאַרפט מתרעם זיין, האָבען האָפענונגען, בטהון! דאָרט איז פאַראַן אַן אַלעגאָרישער ביישפּיעל פאר יעדען מענשען, ווען חלילה אין אַ טויטען פאַל, זאָגט מען ביי אידען "צדוק הדין", "ה' נתן וה' לקח, יהי שם ה' מבורך", ווי איוב האָט גע־זאָגט צו זיין פרוי, וואָס האָט איהם געהייסען לעסטערן ג־ט האָט ער געענט־פערט: גוטס האָבען מיר גענומען, דאַרפען מיר אויך מקבל באהבה זיין די צרות. געענדיגט האָט ער מיט'ן פּזמון פון קדיש: "ישה"מ", דאָס ווייזט אויס, זאָל זיין די טראַדיציע, וואָס אין שבעה לערנען אבלים דעם "ספר איוב".

אין דניאל (ב') זאָגט ער: "להוא שמה די אלהא מברך מן עלמא ועד עלמא". דאָס זיינען כמעט דיזעלבע ווערטער, ווי אין הויפּט כרוז אין קדיש: "יהא שמה רבא מברך לעלם ולעלמי עלמיא".

אין יחזקאל (ל'ו) זאָגט ער די ג־טליכע נביאות מיט'ן לשון "וקדשתי את שמי הגדול", ווי דער קדיש לשון, "ויתקדש שמיה רבא", אויך ווייטער, יחזקאל (ל"ה) איז דאָ א פּסוק "והתגדלתי והתקדשתי", אזוי ווי: "יתגדל ויתקדש", ס'זאָל

ווערן געגרויסט און געהייליגט, מיט וועלכעם מען פאנגט אן אלע קדשים. בעלי גמטריאות פאסען אריין רזיך דרזין: אין קדיש זיינען דא פופצעהן לשונות פון שבח, כנגד השכינה; א) יתגדל—ס'זאל ווערן געגרויסט; ב) ויתקדש—און געהייליגט; ג) ויתברך—געבענטשט; ד) וישתבח—און געלויבט; ה) ויתפאר—און געריהמט; ו) ויתרומם—און דערהויבען; ז) ויתנשא—און דערהויכט; ח) ויתהדר—און געפיינט; ט) ויתעלה—און געשאצט; י) ויתעלל—און געווירדיגט; י'א) לעלא—געשטיגען; י'ב) ברכתא—בענטשונגען; י'ג) ושירתא—און געזאנגען; י'ד) תשבחתא—לויבונגען; ט'ו) ונחמתא—און טרייסטונגען. דער סך הכל איז כנגד די פופצעהן "שיר המעלות'ן" פון דוד המלך אין תהילים. אנדערע בעלי מקובלים רעכענען ניט אריין אין דעם צאהל "יתגדל ויתקדש", דעמאלס זיינען דא דרייצעהן שבחים, כנגד "שלש עשרה מידות". נאך אנדערע גיבען אן אין חשבון צוועלף, ניט גערעכענט דעם "לעלא", איז דאס כנגד די צוועלף (י"ב) שבטים, און צוועלף מאנאט. אויך דער מספר פון י"ג קאן זיין די דרייצעהן שבטים, באזונדער אפרים ומנשה, און י"ג חדשים מיט'ן עיבור "ואדר". דער פועל יוצא איז אז מיט'ן קדיש איז מען מסכים צום אומבאגרעניצטען בורא עולם, וואס מ'איז עטוואס משיג, דורך די אנערקענונג פון די שבחים.

מען איז דארט אויך מכוון, אז אין וואכען-טעג זיינען אין "תפלת שחרית" דא זיבען קדשים: א) דעם "קדיש דרבנן", נאך "קטרת" און "פ' הקרבנות" פון "איזהו"; ב) דעם "קדיש-יתום" נאך "מזמור שיר חנוכת"; ג) דעם חצי-קדיש בעפאר "ברכו"; ד) חצי-קדיש נאך "תחנון"; ה) קדיש-שלם נאך "ובא לציון"; ו) קדיש-יתום נאך "עלינו"; ז) קדיש-יתום נאך'ן "יום"—איז דער מספר כנגד שבעה-ימי-שבתא, שבעה-כוכבי-לכת, שבעה-רקיעים, שבעה-שני-שמיטה. אויף דעם איז מרמז דער פסוק: "שבע ביום הללתיך"—זיבען מאל אין טאג לויב איך דיר ג-ט: מנחה און מעריב, האט יעדער תפילה צו דריי, כנגד שלשה אבות, ס"ה דורך'ן טאג דרייצעהן, כנגד שלש-עשרה-מידות. די זיבען פון שחרית זיינען מרומז מיט די זיבען ווערטער אין הויפט קדיש כרוז, וואס שטעהט אויף גאר א הויכער מדרגה: "יהא שמיה רבא מברך לעלם ולעלמי עלמיא". שבת צו שחרית ומוסף ווערן געזאגט צעהן קדשים, כנגד עשרת הדברות. עשרה מאמרות, מיט וועלכע די וועלט איז באשאפען געווארען. אין א שחרית תפילה ווערט געזאגט פינף מאל דערווארט קדוש: אין "ישתבח", בעפאר "ואופנים", אתה קדוש אין שמ"ע, אין "ובא לציון" און אין "קדיש". די פינף קדושות און די פינף סארטען קדשים: רבנן, חצי, שלם, יתום, קבורה וסיום. די זיינען מרמז כנגד "חמשה חומשי תורה".

נאך עטליכע פזמונים פון קדיש, ווענדעט זיך דער זאגער צום ציבור "ואמרו אמן"—זאגט אלע אמן, דער ווארט וואס איז די ראשי תיבות פון "אל מלך נאמן". מיט דעם אויסדרוק ווערט אויפגעפאדערט דער ציבור: אידען באשטעטיגט, גיט אייער הסכמה צו די הייליגע כונות, טיפע רעיונות, הארציגע בקשות, לאגישעך וואונש און אינהאלט פון קדיש. צו ענטפערן "אמן" דארף מען נאך יעדער תפילה און ברכה, אבער איבעראל איז ניטא דער אפיל, די אויפפאדערונג, ווייל אין יענע איז דא בפירוש דער "שם הויה", דארף דאך ממילא יעדער מאמין פארשטעהן זיין פליכט צו ענטפערן "אמן", וועלכער שטעהט אויף אזא הויכער מדרגה, ווי ס'איז דא אין תלמוד: "אמר רשב"ל, כל העונה אמן בכל כוחו, פותחין לו שערי גן עדן"—דער וואס ענטפערט אמן מיט זיין גאנצער ענערגיע ,עפענט מען פאר איהם די טויערען פון גן עדן. נאך א מאמר חז"ל איז "אמר ר' יהושע בן גדיא: כל מי שעונה אמן בעולם הזה, זוכה ועונה אמן לעולם הבא"—יעדערער וואס ענטפערט אמן אויף דער וועלט, וועט ער זוכה זיין צו ענטפערען אמן אויף יענער וועלט.

קדיש איז אַנדערש פון אַנדערע תפילות. אין זיין נוסח איז בפירוש ניטאָ קיין שם-הויה, כאָטש עס איז מרומז מיט'ן וואָרט "שמ-יה". דארום איז נויטיג דער אויפפאָדערען, מ'זאָל זאָגען, געבען די צושטימונג פון "אל מלך נאמן"—דעם אמן. די חשיבות פון קדיש איז כולל די כונות פון די חלקים אין תפילה ועבודה, נאָך וועלכע ער ווערט געזאָגט, ווי נאָך קטורת, מעשה הקרבנות, נאָך פסוקי דזומרה, שמונה-עשרה, תחנון, סליחות, קריאת התורה, נאָך'ן סוף דאווענען, תהילים זאָגען און "ותלמוד תורה כנגד כולם". די הויכע מדרגה פון אַ קדיש, וואָס ווערט געזאָגט נאָך אַ לימוד בכלל, און אַ סיום קדיש, ווען מען ענדיגט אַ מסכת, אויך ביים סוף פון אַ לעבען, אויפ'ן בית עלמין, פאַר'ן תיקון-הנשמה. דער סוד איז פארהיילט מיט מיסטיציזם, מיר האָבען ניט קיין קלאָהרען באגריף פון אַ מענשען'ס פטירה, אָבער מען דארף משיג זיין, אָפלערנען פון דעם טמיר ונעלם, וואָס איין קדיש איז פאַר די סיום געשעהענישען, אַז גראַדע ווי ביים ענדיגען אַ לערנען, איז דאָס ניט קיין סוף, נאָר אַ איבערגאַנג פון איין חלק צו אַ צווייטען, פון איין ענין צואַנאַנדערן, אזוי אויך די נשמה מיט'ן גוף געהען זיך ניט אין גאנצען פערנאַנדער, בלויז מאַטעריאליש קערט זיך דער גוף אום צו זיינע עלעמענטען, און די נשמה, דער רוח אל ממעל, שוועבט צום עולם האצילות, מיט אַ אונזעהבאַרען שייכות צום עולם התחתון. די יורשים דאַרפען נאָכפאָלגען דעם נפטר'ס גייסט, די געבליבענע דאַרפען משלים זיין, מתקן זיין, אָנהאַלטען דעם חיים הנצחים, אידעאַלען פון אַוועקגעהענדען, קינדער זאָלען זיך פיהרען לויט דעם מורשת אבות, איבערנעמען די גייסטיגע אוצרות, ג-טהייט, אמונה און תורה.

די גרונד פרינציפען זיינען פאַר די צוהערער און זאָגער פון קדיש בכלל, ביי אַ ש"ץ, אַ קורא בתורה, און קדיש יתום בפרט, וואו די קינדער ערקלערען זיך, אַז זיי נעמען איבער די גייסטיגע ירושה. מעהר בולט איז דאָס ביי דער פּראָקלאַמאַציע פון "רבנן קדיש", ווען ס'ווערט באַשטעטיגט דער "ותלמוד תורה כנגד כולם". אידען בעטען ניט פאַר זייערע סאָלדאַטען, גענעראַלען און אַדמיראַלען, וועמעס פעהיגקייטען זיינען אין מאָרדען, צושטערען, פארוויסטען און פאַרניכטען, נאָר פאַר גרינדער און בויער; אידען ערקלערען זייער טריישאפט און איבערגעבענהייט פאַר די לוחמי מלחמת של תורה, די אדירי התורה, געלערטע, "רבנן מיט די תלמידים—על רבנן ועל תלמידיהם" — צו אלע, וואָס האַנדלען לויט די תורה פרינציפען — "ועל כל מאן דעסקין באוריתא", — ס'זאָל זיין צו זיי, צו אונז און צו אַלעמען, פרידען, חן און גנאַדע.

אויף אַזעלכע פרינציפען, גייסטליכע ווינשע, פאָדערט זיך צו וועקען און רופען דעם עדעלען גייסט פון מענשען, זיין אינטעליגענץ. מען מונטערט זיי צו מאָראַלישע ווינשע, אלגעמיינעם גליק. אויפ'ן זעלבען אָרט געפינען מיר אין דער תורה, ווען מרע"ה האָט מיט איינדרוקספאָלע צערעמאָניעס אויף די בערג גריזים און עבל, פראָקלאַמירט ברכות און קללות, אויב די אידען וועלען פאָלגען, געהן בדרך הישר, זיך פיהרען לויט די עטישע פּרינציפען, וואָס ווערן דאָרטען אויסגערעכענט, אָננעמען יענע פונקטען, ווענדעט ער זיך צו זיי נאָך'ן פאַררופען יעדער תקנה: אידען ענטפערט אמן! דאָס מיינט איהר האָט די בחירה אין עניני אמונה, אָבער פון אייער אייגענער טובה וועגען, זייט איינשטימיג.

אין אונזערע מאָדערנע צייטען, ביי פרייע, דעמאָקראַטישע, פּראָגרעסיווע געזעלשאפטען, ווען מ'קומט זיך צוזאמען צו פארהאַנדלען אַ געזעץ, אַ אָרדענונג, אין וועלכען מען איז פאראינטערעסירט, צו ס'איז אַ לאַנד פּאַרלאַמענט, אַ געזעלשאפטליכע פערזאַלמונג, פאַר וועלכען צוועק, וואָס די גרופּע רעפּרעזענטירט, איז דאָרט וואו מ'פיהרט זיך מיט'ן גייסט פון פרייהייט, גלייכהייט און

טאָלעראַנץ, ווערט קיין באשלום ניט ארויפגעצוואונגען, קיינעמ'ס מיינונג ווערט ניט פארגוואַלטיגט, יעדער אינדיווידועל האָט א רעכט צו ערקלערען זיין שטאנדפונקט, צו ער איז דאַפיר אָדער דאַגעגען, און מ'ווענדעט זיך צו די מיטגלידער, זיי זאָלען אויספּרעכען זייער יא אָדער ניין.

דער אידישער "אמן" איז דער סלאָגאַן-וואָרט: מיר גיבען די הסכמה, אַז מיר זיינען איינפערשטאנען מיט'ן אידעאל און מאָראַל, די פּרינציפּען פון דעם היילִיגען מיסטיציזמוס, מיט וועלכען ס'איז פארשלייערט דער קדיש, ווען אין קדיש אליין איז ניטאָ קיין שם הויה, ווען ס'איז ניט א פשוט פארשטענדליכע תפילה פאר לעבען, געזונט, פרנסה און אַנדערע גשמיות'דיגע ווינשען, באַציהט ער זיך אויף דעם, וואָס ס'איז פריהער געווען, אויף אַלע אופנים, תחינות ובקשות, עבודה הבורא און תפילות, ותלמוד תורה, דער באשלוס, ווען קינדער פארפליכטען זיך צו פאָלגען זייערע פארשטאָרבענע עלטערן'ס דעת ודת, א ריינע אמונה, על פי מאור היהדות והמסורה, מיט'ן עיקר היהדות: שזאת התורה לא תהא מחולפת, ולא תהא תורה אחרת. תורה ואמונה איז ניט קיין מאָדע-זאַך, א סיזאָן קולטור, א פלאַץ קולט. אין עניני אמונה זאָל מען ניט זוכען אריינצוברענגען "יפיפותו של יפת באהלי שם", דעם נאָכגעמאַכטען גלאַנץ, פּוסטע צערעמאָניעס, אינהאלטסלאָזע דאָגמאַס, רעפּאָרמירטע טענדענצען, די איינגערעדטע תקנות, פארפיהרערישע פּראָפּאַגאַנדע, אז אין רעליגיעזע אנשטאַלטען זאָל מען מבטל זיין דעם דעת הזקנים, איינפיהרען רעפאָרמען, א זוכעניש נאָך נייע געטער. די חז"ל האָבען נאָך מיט צוויי טויזענט יאָהר צוריק באַגרינדעט אז דער בויען פון יונגע מיינט ברעכען, און דער ברעכען פון אַלטע מיינט בויען.

די פראַגע פון דער ריכטיגקייט, אז די קינדער זאָלען ערציהען די עלטערן (ברינגינג אָפּ פּאַפּא) איז אויך אויף אַנדערע געביטען קיין ענטשיידענע. ס'קאָן וועגען דעם זיין א מיינונגס פארשיידענהייט, מעגליך אז אין געוויסע פאַלען דאַרף זיין "וישן מפני חדש תוציאו", מאָדערניזמוס זאָל פארנעהמען דעם פּלאַץ פון קאָנסערוואטיזם, אָבער ס'איז בלי ספק שעדליך, אז דאָס זאָל ווערן אָנגעווענדעט אין עניני תורה ואמונה.

## ילקוט אליהו, פרק ב': — סודות ורמזים פון עיקרי היהדות אין "קדיש"

די אידישע אמונה איז כולל תרי"ג מצוות, זעקס הונדערט מיט דרייצעהן געבאָטען, וועלכע צוטיילען זיך אויף רמ:ח, צוויי הונדערט מיט אכט און פערציג מצוות עשה (געבאָטען) פאר טאָטען, וואָס מיר דאַרפען טהאָן, און שס"ה דריי הונדערט און פינף און זעכציג לא תעשה'ס (אָנזאָגען, אויף דאָס וואָס מיר זאָלען ניט טהאָן. צו די גרונד געזעצען מן התורה, האָבען די חז"ל מתקן געווען, און עס זיינען צוגעקומען טראַדיציעס, מנהגים, סיגים, גדרים און מסורת, באַוואָרענישען, פאַרהיטונגען און איינפיהרונגען, לזכר געוויסע פּאַסירונגען אין אידישען לעבען. זיי זיינען אלע אויף א הויכער מדרגה, מיט היילִיגע פליכטען זיי מקיים צו זיין, זיי האָבען אלע דעם צוועק פאַר א ריינעם, עטישען לעבען, א אידעאַלען האַנדלען בין אדם לחברו, איינצוזאַמען די טהירישע נייגונגען, אויסברוכע פון היציגע בלוטען, לײדענשאַפטען און בייזקייט, ענגהאַרציגקייט פון עגאָאיסטישע מאָטיווען, צו דערגרייכען פאר זיך און די נאָהענטע בלוט פארוואַנדטע וואָהלטאַגען און פארגעניגענס, מיט'ן פרייז פון טהאָן אומרעכט צו א

צוויטען—גוטס פאר זיך דורך יענעמ'ס ליידען און נויט. דער אמת'ער גליק, צו וועלכען מען איז בארעכטיגט, איז נאר ווען ער איז קאלעקטיוו פאר'ן וואהל און בעסטען פון דער געזעלשאפט, מענשהייט און יוניווערסאלען קאסמאס, אלעס וואס ס'איז די שאפונג פון דעם אבסאלוטען איינציגען שאפער, הערשער איבער אלעס.

רבינו משה בן מיימון, דער רמב"ם, האט אלע מצוות קאנדענסירט, זיי באגרינדעט און כולל געווען אין די "שלשה-עשרי עיקרים, די "אני מאמין'ם", וואס אידען דארפען זאגען יעדען טאג נאך תפילת שחרית. פון די דרייצעהן פונקטען ווערן פארצווייגט אלע אידישע דינים בכל פרטיהן ודקדוקיהן, די אידישע אמונה.

דער גאון, חקרן און רעליגיעזער פילאזאף, וואס האט געלעבט אין פופצעהנטען יאהר-הונדערט, ר' יוסף אלבי ז"ל, בעוואוסט אלס דער בעל העיקרים, האט ניט צו פארמינדערען אפילו א קוצו של יוד, קאנצענטרירט די גאנצע אידישע אמונה אין דריי "עיקרים שבעיקרים". פון זיי שפרודעלט ארויס אלעס. די דריי זיינען: א). "הכרת הבורא"—די אנערקענונג אין דער אויסשליסליכער איינציגקייט, זיין הייליגער ווילען איז איבער אלעס; מיט קיין קערפערליכע פארמען קאן מען איהם ניט צוגלייכען; זיין אחדות איז די אפשטראלונג פון דער גאנצער יצירה; אלעס קומט צום שלום פון דער אונבאגרעניצטער איינציגקייט, פון וועלכעס מיר קאנען ניט מיט אונזערע חושים משיג זיין קיין אנפאנג אוך סוף פון צייט און רוים; די ענטוויקלונג פון אלע הויכע מאטעריאלען און נידעריגע שטאפען קומען סוף כל סוף צום איינציגען יוניווערסאל, די אונענדליכקייט, דער געוועזענער, דער געגענווארט און אן אונאויספיהרליכען אייביגקייט פיהרער און אויפזעהער. ב). "תורה מן השמים"—די תורה וואס אידען האבען ערהאלטען אויפ'ן בארג סיני, מפי הגבורה, דורך משה רבינו, איז אויך די איינציגע פון וועלכע עס שטראהלען ארויס, אלע וויסענשאפטען און חכמות. תורה שבכתב איז דער פונדאמענט אויף וועלכען עס האט זיך אויסגעבילדעט די קאלאסאלע געביידע פון תנ"ך, תורה שבעל פה און אפילו דאס, וואס א טיפזיניגער לערנער, וועט ארויסברענגען אין אלע צייטען און דורות, איז אנגעציגט געווארען צו משה מסיני; גלייכצייטיג מיט דער באשטעטיגונג, אז די עיקרים וועלען ניט ווערן געביטען, און ס'וועט ניט זיין קיין אנדער תורה מן השמים; די תורה איז כולל אלע מצוות, דינים, משפטים און חוקים, עטיקס, מאראלס און פרינציפען פון דער אידישער אמונה, די באגרינדונג, דער עסענץ אויף וועלכעס די תורה שלמה איז געבויעט, דער הייליגער קוואל פון וואנען מיר שעפען, דער יסוד פון קיום היהדות והיהודים. ס'איז ניט, און ס'וועט ניט זיין קיין אנדערע ג-טליכע תורה; פון איהר ווערט געשפונען און געוועבט עבודה ומעשים טובים, דער לייכט טורעם פון אונזער לעבען. ג). "שכר ועונש" —די השגחה פרטית האט באשאפען דעם מענשען אלס א בעל בחירה; דער הכרת הבורא האט דעם איינפלוס, אבער ניט די אויסשליסליכע דעה; תורה מן השמים ראטה, פארזאגט, געבאט, ווארענט דעם מענשען ווי ער זאל זיך פיהרען, וואס מ'טאר ניט טהאן, און וואס ס'איז א חוב קדוש יא צום טהאן, אבער דער אויסוואהל איז אין מענשען'ס ווילען. אין דער תורה (פ' ראה) ווערט געזאגט צום מענשען: "זעה דו האסט די ברירה אויסצוקלייבען ברכה וקללה: דער מענש האט די מעגלאכקייט צו זיין גוט און פרום, אדער שלעכט און פארדארבען, און ווייל דאס איז איבערגעגעבען צום מענשען'ס אויסוואהל, ווערט ער באצאהלט לויט זיינע מעשים, ווייל ס'איז ניט קיין צוואונג, כאטש עס זיינען דא איינפלוסען, אבער דער מענש קאן זיי באהערשען.

דער פרינציפּ פון ווערן פארגיטיגט און באשטראָפט האָט אין זיך פּיעל פּרטים, וואָס זיינען אָפט פארהוילען פון מענשען. מיר זעהען סתירות, אויף וועלכע מיר פרעגען: "מדוע דרך רשעים צלחה"—ווארום לעבט זיך דעם שלעכטען וואָהל מיר פארשטעהען ניט, צדיק ורע לו, רשע וטוב לו?—דעם צדיק איז שלעכט און דעם רשע איז גוט? פּיעל איז געוואָרען גערעדט, געשריבען, פארהאנדעלט און געחקירה'ט איבער דעם פּראָבלעם. מ'האָט געטרייט פאַר־ענטפערען אַז, שכר מצוה בהאי עלמא ליכא, געצאָהלט און שטראָף איז א סוד, ווייל די רעזולטאטען זיינען ניט אויף דער וועלט; דאָרט אויפ'ן עולם האמת, ווערט אויסגעפיהרט דעם גמול און פורעניות, אָבער די חז"ל האָבען אויך גע־געבען כללים, וועגען גוטע טהאַטען פאר וועלכע די פּרוכט קריגט מען אויף דער וועלט און דעם פרינציפּאל (קרן) אויף יענער וועלט. קומט שוין אויס אז עס איז יאָ דאָ שכר אויף דער וועלט.

מיט דער פראגע באשעפטיגען זיך חכמים, פילאָזאָפען, אין אלע צייטען איבעראל. מאָראַליסטען פון פארשידענע שיטות קומען מערסטענס צו בא־שליסע פון פארשיידענע ריכטונגען. אין אונזער תורה שבכתב האָבען מיר אין דער פרשה פון קריאת שמע: אם שמוע תשמעו ונתתי מטר ארצכם בעתו ואם לא תשמעו . . . וחרה אף ה' בכם—וועט איהר פאָלגען, וועט אייך זיין גוט און וואויל, אין פשוט'ן זין עס וועט רעגענען אין צייט, עס וועט זיין מזל און ברכה; אז ניט וועט זיין שלעכט. אין פ' בחוקתי איז אויך דאָסזעלבע: ווען איהר וועט געהן אין מיינע געזעצען, וועט איהר לעבען רוהיג, באזיגען אייערע שונאים; ווען ניט וועט איהר ווערן באשטראָפט מיט די אלע צרות, שרעקען און פיין פון דער תוכחה; אַלעס מיט געשעהענישען בעה"ז. אזוי איז איבעראַל אין תנ"ך. אַנדערש איז ביי די חז"ל, און אלע חכמים, גאונים, הקרנים און בעלי מוסר ביז'ן היינטיגען טאָג, ביי זיי איז שוין א עה"ב מיט סודות ורמזים, פון שבעה מדורי גיהנם, פארשידענע מעלות, שטופען און חלקים פון א גן-עדן מיט רזין דרזין השגות "שי עולמות".

רעליגיעזע פאַרשער זיינען אָבער איינשטימיג אין עצם פון שכר ועונש, ווען אפילו דער רעזולטאט זעהט זיך ניט אָן באלד, וועט ער סוף כל סוף קומען—"פוקד עון אבות על בנים", פאר די עלטערן'ס זינד ווערט זיך גערעכענט מיט די קינדער. ס'זיינען דאָ פארדינסטען און שטראָפען, וואָס מען זעהט ניט גלייך, זיי קומען ניט דירעקט, נאָר דורך השתלשלות הסיבות. ס'איז אויך דאָ אַ אַנגע־נומענע טעאָריע, אז שכר ועונש איז ניט נאָר בנוגע דעם יחיד, אַ חשבון מיט'ן אינדיווידואלען מענשען, נאָר אויך בנוגע פעלקער, לענדער, ראַסען, קלאַסען, געזעלשאפטען און סיסטעמען. ביי אַלע איז דאָ א טאָג פון אָפּגעבען דין וחשבון. נאָר אמאָל איז דאָס אַ באַלדיגער אין לעבען פון דעם גענעראציאָן, אָפען און שיינבאר, און אמאָל איז דאָס אין דער צוקונפט אויף אַ מיסטישען וועג, וואָס נאָר דער קלאָרער, שארפער בעאָבאכטער זעהט אין דעם, דעם רעזול־טאט פון פארגאַנגענע געוועזענע מעשים, וועלכעס עס ווערן אָנגעצייגט מיט א רוח הנבואה, קומט צו א באַשיידונג, נאָך'ן כח הדמיון, עס ענטפּלעקט זיך א פאַנטאַזיע וואָס ס'איז געוואָרן פראָפעצייהט, א באחרית הימים פאנאָראַמע.

אמונה באַשטעטיגט דעם יחיד'ס "השארת הנפש", די אילוסטראציע, אַז מיט דער פערנאַנדערטיילונג פון גוף פון דער נשמה, דער זאָגענאַנטער טויט, מיינט ניט, אז אלעס ענדיגט זיך. דער פּראָצעס איז ניט אַ באַשטימטער אויסלאָז: סוף איז בלויז א אילוזיע, נאָך'ן פשוט'ן חומר'שען באגריף. מ'דאַרף אָבער משיג זיין, אז דאָס איז בלויז אַן אויפלייזונג דורך וועלכער די קערפּערליכע שטאָפען פארלירען זייער ענערגיע, ס'שטעלט זיך אָפּ דער טרייב-קראַפט, די פונקציע, וואָס מ'רופט לעבען, ס'ברענגט צו א צוטיילונג פון דער פריהערדיגער

קאַמבינאציע פון רוח מיט'ן חומר. אָבער אויך נאָך דער חלוקה ,בלייבט אַ מיסטישער עקזיסטענץ, אין דער ניט קלאָהר באגרייפענדער מאַטעריע, וואָס ווערט אין אידישע ספרים באצייכענט מיט פיעל נעמען, ווי: נשמה—זעעלע; רוח—גייסט; נפש—וועזען; חיה—לעבען; יחידה—איינציגע. די שטאפען זיינען נצחים, זיי שוועבען אין דער אונענדליכער צייט, אונמאָסיגען רוים, אין דעם קאָסמאָס פון אין גבול ואין סוף, פאר א געוויסען תכלית . . .

מען דארף באגרייפען און באַטראַכטען, אז דער דאָזיגער אונענדליכער און אונזהעבארער, דאָך עקזיסטירענדער גייסטליכער וועזען, הן פון דעם יחיד, הן פון כלל, נויטיגט זיך אין א מזון רוחני. ער דארף האָבען א יניקה, זיך צו קאָנען פארפאָלקאָמען א השפעה פאר א תיקון פון עולם התחתון, צו באהעפטען, ברענגען צו א הארמאָניע, די דרי מטה, מיט'ן עולם האצילות. דאָס דארף מען היטען, ס'זאָל ניט ווערן אָפּגעהאקט, צוריסען און צושטערט די פארבינדונג. ס'איז דער אידעאַל, די אויפגאבע, אז דער שוועבענדער גייסט זאָל האָבען א נאָכפאָלגער אין דער פערזענליכקייט פון א בשר ודם, וואָס זאָל נעמען אויף זיך צו שפינען און וועבען ווייטער די אומפארענדיגטע שטאָפען, נאָכפאָלגען די אויפגאבען: זיי, די שוכני ארץ נעמען אויף זיך די הייליגע פליכטען, אָנצוגעהן מיט די טעטיגקייטען פון די נפטרים, אָנהאלטען די גייסטיגע צוגעבונדענקייט צום אַוועקגעהענדען דור. דער מיסיאָן איז די רעזאָלוציע, כונה און תכלית פון “קדיש”.

גראַדע ווי אין אַ פהיזישען זין, עקזיסטירט ביי עלטערן אַ נאַטירליכער שטאַרקער ווילען, דער אינסטינקט פון “קיום המין”, צו זאַמלען און ערווערבען אַ פארמעגען פאר זייער אייגענעם באַלדיגען געברויך, אָפּצושפּאַרען פאַר אַ רעגענדיגען טאָג, פאַר די עלטערע יאָהרען, און אויך מיט דער גרעסטער אויפאָפּפערונג, ווערט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו ערציהען די קינדער זיי זאָלען קענען אָנגעהן מיט'ן לעבענס-קאַמף, און זאַמלען גענוג עס זאָל בלייבען פאַר דור דורות א פארמעגען, א נאָמען, טיטול, פרעסטיזש און אַנערקענונג; און ניט נאָר לגבי יחידים, נאָר אויך לענדער און נאַציאָנען, נעמען אויף זיך די אויפגאַבען — מען געהט אין מלחמות, מען בלוטיגט און מען ברענגט גרויסע קרבנות צו פארזאָרגען, אויפבויען און פארזיכערען פאר די צוקונפטיגע דורות, אזוי איז נאָך פיעל שטארקער און וויכטיגער דער ווילען ביי אינטעליגענטע מענשען בכלל און אידען בפרט, דער פערלאנג מיט הארץ און געפיהל, אַז די צוקינפטיגע דורות זאָלען איבערנעמען זייער גייסטיגע ירושה; די גייסטיגע אוצרות זאָלען ניט פארלאָרען געהן. דער אידישער מארטירער גייסט האָט אָפּט געהאַט דעם נסיון, וואָס עס איז געוואָרען דורכגעפיהרט מיט'ן ניצוץ פון “חנה ושבעה בניה” (זי האָט געלאָזען אומקומען איהרע זיבען זיהן איידער זיי זאָלען זיך בוקען צו דער עבודה זרה) ווי אברהם האָט געפיהרט יצחק'ן צו דער עקידה. די שרעקליכסטע טראגעדיע, נאָך ערגער ווי דער טויט, איז ביי אידען, ווען חלילה, אַ קינד בייט זיין אמונה. מען זיצט נאָך דעם קינד שבעה, מען רייסט קריעה, מיט צוואַנגען ווערט דער זכר אויסגעריסען פון הארצען.

ס'איז אַ ג-טליכער טרייסט אין די לעצטע מינוטען פון לעבען, ווען מ'קאָן דיינקען אַז דער “מלאך המות” פארניכטעט ניט אלעס, עס בלייבט אַ זכר—קינדער וואָס וועלען אָנהאַלטען די עלטערן'ס טייערסטע און הייליגסטע אידעאַלען, זייער ג-ט, תורה, אמונה, טראַדיציעס פון פאָלק. עלענד און פארלאָזען, פול מיט יאוש און הארצווייטאָג, פיהלט זיך דער יעניגער וואָס עס פעהלט איהם די נחמת, אז ער לאָזט נאָך זיך א גייסטיגען יורש, אָדער ווי ס'איז דעם פאָלק'ס אויסדרוק, “מ'שטארבט אָהן אַ קדיש”, וואָס עס באדייט אז עס איז ניטאָ דער פערזאָן אָנצוהאלטען די גייסטיגע אוצרות.

אין דער תפילה איז מען כולל די אנערקענונג, די איינשטימונג, ס'ווערט בקיצור אנגענומען די רעזאָלוציע, אז די קינדער וועלען פארבלייבען אין דער אידישער מחנה, יורשים פון עלטערן'ס גייסטרייכע אמונה.דער דורכדרינגענדער "קדיש" גייסט פראָקלאמירט איינגעהילט דעם תמצית פון אונזער אמונה, אין די פארשיידענע קדשים סגנון'ס, איז דאָ דער רמז צו יעדען פון די עקרים שבעקרים: אָ "מציאת השם" — מיר פאנגען אָן פאר אַלע קדשים "יתגדל ויתקדש שמיה", י גרויסקייט און הייליגקייט פון בורא יחיד ומיוחד; "בעלמא די ברא כרעותה", ין דער וועלט וואס ער האָט באשאפען מיט זיין ווילען, ווען ביים בריאת האדם, האָט דער בורא־עולם געשאפען דעם מענשען א חלק אל' ממעל, ווי די תורה זאָגט: "ויברא אלה' את האדם בצלמו" — דעם מענשען האָט די ג־טהייט באשאַפען מיט זיין פאָרם, דאָס מיינט ניט אין אַ קערפּערליכען באַגריף, ווייל אין לו גוף ולא ישיגהו משיגי הגוף, ואין לו שום דמיון כלל, נאָר דאָס קאָן נאָר מיינען אין א גייסטליכען זין, אז דער רוח האדם, ווען ער איז עולה למעלה, איז ער דער בחיר כל היצורים, ווייל אזוי איז געווען דעם בורא עולם'ס רצון; "כרעותה, וימליך מלכותה" — מלכותא דארעא זאָל זיין ווי מלכות שמים, א) אחדות, צדק ויושר גייסט; "בחייכון וביומיכון" — דער לעבעדיגער דור זאָל זיין מיט הכרת הבורא. ב) "תורה מן השמים" — דאָס איז דער עמוד התוך, דער סענטראל זייל פון די דריי תמצית עיקרים. פאר'ן פליכט פון לימוד התורה זיינען פאראַן פיעל צווים אין תנ'ך, און אָפּהאַנדלונגען אין תלמוד. זיי שליסען איין אלע פאַזען פון דעם עיקר: אליין לערנען, לערנען בחברותא, שטיצען די מוסדי התורה, מחזיק זיין, מהנה זיין, האַלטען בכבוד תלמידי חכמים, צוליב זייער וויכטיגקייט און חשוב'ן פארנעהם, ווי מיר געפינען דאָס אין תלמוד, מפרשים, ספרי מוסר, נגלה און נסתר, האָט מען מתקן געווען דעם רבנן־קדיש. איך וועל דאָ ברענגען איניגע ציטאַטען וועגען מעלות התורה.

אויף דער פראַגע, וואָס שטעהט אויף אַ העכערע מדרגה — לערנען אָדער מעשים, זיינען די רז"ל געקומען צום באשלוס, איינשטימיג, אז לימוד גדול, אַז לערנען איז גרעסער. ער איז וויכטיג פאר זיך און ער ברענגט צו מעשים טובים. ווען אַ מלאך מיט א געבלייזטען שווערד האָט זיך באַוויזען צו יהושע באשטראָפען איהם, האָט יהושע געוואוסט, אז ער האָט מבטל געווען צוויי זאַכען, נעכטען דעם קרבן תמיד און היינט לימוד תורה. פרעגט ער ביים מלאך, פאר וועלכען ביטול ווילסטו מיר באשטראָפען? ענטפערט דער מלאך: "עתה באתי, איך בין געקומען פאר'ן ביטול תורה!". די אגדה דרש'נט אויף'ן פסוק מיט א פראַגע: על מה אבדה הארץ? וואָס פאראורזאכט אַ וועלט־פאר־ניכטונג? דאָרט ווערט געזאָגט: די פראַגע האָט מען געפרעגט ביי די חכמים און נביאים, און זיי האָבען עס ניט געקאָנט ענטפערען, ביז די ג־טליכקייט אליין האָט דאָס ערקלערט, ווי דער פסוק זאָגט: "ויאמר ה' על עזבם את תורתי", ווייל מ'האָט פארלאָזען די תורה! ווערט נאָך צוגלידערט דער פסוק "אותי עזבו ואת תורתי לא שמרו", זאָגט די ג־טהייט אפילו ווען אותי עזבו—מיר וואָלטען זיי פארלאָזען—אבי נאָר, ואת תורתי שמרו,—וואָלט די לאַנד ניט חרוב געוואָרען. די קאַטאַסטראָפע איז געקומען "על שלא בחרו בתורה תחילה", זיי האָבען ניט נגעגעבען דעם פאָרצוג אז לימוד התורה זאָל שטעהן אויף דער העכסטער מדרגה ביי אידען! מיט תורה קומען אויך מעשים טובים.

אין מסכת גיטין (נ"ו, ע"ב) ווערט דערצעהלט, אז אין צייט פון חורבן, ווען אספסינוס קיסר האָט בעלאַגערט ירושלים, האָט דעם תנא ריב"ז, דעם וויט־זעהענדען חכם און שטאַאַטסמאַן, אָפּגעגאַלטען צו האָבען א אוֹדיענץ ביי אספסינוס'ן, און יענער האָט איהם צוגעזאָגט אז ער וועט ערפילען זיינע א בקשה, צו ראַטעווען עטוואָס פון הורבן. האָט ר' יוחנן בן זכאי ניט געבעטען פאר'ן

בית המקדש, פאר ירושלים פאר די אידען, נאר ער האט פארלאנגט: "תן לי יבנה וחכמיה, ושולשולתא דרבן גמליאל"—רוים זאל לאזען עקזיסטירען די ישיבה פון יבנה וואו מען לערנט, און דינאסטיע פון תלמידי חכמים, די קינדער פון ר"ג. ער האט אין דעם געזעהן דעם לעבענס-עסענץ, די רעטונג פון דעם יודענ-טום, כי היא חיינו ואורך ימינו.

וועגען דער וויכטיגקייט פון תורה האט מען מתקן געווען, אז נאך'ן לער-נען, נאך א דרשה, ווען ס'קומט אריין א משנה, א מאמר פון תלמוד אין סדר התפילות, זאל מען זאגען א "רבנן-קדיש". דארט ווידמעט א איד זיין טרי-שאפט און גוטע ווינשונגען פאר ת"ח מיט זייערע תלמידים, מיט דעם פראק-לאמירט דער איד דעם עיקר: "תורה מן השמים"....

ס'איז דא א באזונדער קדיש, מיט א שינוי נוסחאות פון ר' עמרם גאון און דעם רמב"ם, וועלכער ווערט געזאגט ביי צוויי באזונדערע פאלען, ווען מ'איז מסיים א מסכת און אנדערע לימודים אין תלמוד, און חס וחלילה אין א טויטען-פאל נאך קבורה. דער קדיש, אין די צוויי פאלען, מאכט א פאראלעל פון די ביידע געשעהענישען. א סיום ביים לערנען מיינט ניט קיין ענדיגען, נאר אן איבערגאנג פון אן מסכת צו א צווייטע, איינמאל אפגעלערנט ש"ס און מ'פאנגט ווידער אן א גייסטיגער אומוועקסלונג און א התפשטות הגוף, א דבר רוחני, אזוי איז דער צווייטער פאל אין דעם קדיש, ביי א איבערגאנג, ווען דעם מענ-שען'ס קאמבינאציע פון א גוף מיט א נשמה צוטיילען זיך, איז דאס ניט קיין ענדע; ס'איז דא השארת הנפש, די נצחיות פון דער נשמה אהן א גוף, וואס דארף אפגעבען דין והשבון, מיט א פסק דין פון שכר ועונש.

אין דעם באזונדערען קדיש איז דא דער תמצית פון די דריי עיקרים שבעיקרים. ער פאנגט זיך אן מיט מציאת השם, מלכות שמיא, אין "יתגדל ויתקדש שמיה", "וימליך מלכותה". דארט ווערט באזונדערס געבעטען אז געצענ-דינסט זאל ווערן אויסגעריסען, און די מלכות שמים, דער הכרת הבורא, זאל ווערן אנערקענט, "וימליך קודשא" — מיט'ן מאור התורה, גייסט פון תורה מן השמים. אין דעם קדיש ווערט געבעטען פאר תחית המתים און עולם הבא, דעם יחיד'ס שכר ועונש, אויך אויף'ן בנין ירושלים און ביהמ"ק, דער גמול פאר'ן אידישען פאלק.

אין דער צייט פון גרויסען טרויער, צער, יאוש און אבילות, ווען די ערד דעקט צו דעם חומר, אין דעם איבערגאנגס פראצעס, איז די נשמה נאך נאהנט צו איהר געוועזענעם שותף, דעם גוף, וועלכע ביידע האבען געמאכט די פער-זאניפיקאציע פון פריהערדיגען מענשען. זיי זיינען נאך ניט אין גאנצען אפ-געזונדערט. דאמאלס, בעפאר דער ענדגילטיגער צושיידונג דארף ווערן פאר-שטאנען אז די לעבעדיגע זיינען טרייע נאכפאלגער, עס בלייבט א גייסטליכע באהעפטונג פון געשטארבענעם'ס גייסט מיט די לעבעדיגע, זיי דארפען דא-מאלס באגרייפען דעם פסוק: זכור ימות עולם, בינו שנות דור ודור, שאל אביך ויגדך.

אין דער באנייטער וועלט, מיט תחית המתים און עולם הבא, א אידישע באפרייאונג פון פהיזישען גלות און אונטערדריקונגען, מיט א געבויטע ירושלים און א פולקאם אויסגעצירטען היכל ה' צבאות, וועט אויך זיין א גייסטיגע גאולה פון פרעמדע געטער אין אלע זייערע פאזען: נאכאהמונג, אסימילאציע, ווען א תפל איז אן עיקר, און הויפט פרינציפען, תורה ומדות טובות, ווערן אונטערגע-שאצט בילינג, פארשוועכט און איגנארירט. דארט אין "קדיש" ווערט אויך גע-בעטען על ישראל, רבנן, תלמידיהון, תלמידי תלמידיהון, ועל כל מאן דעסקין באוריתא. אזוי ווערן ארויסגעבראכט די סודות פון עיקרי היהדות: א) מציאת השם; ב) תורה מן השמים; ג) שכר ועונש . . . אין די פערזען פון קדיש.

## ילקוט אליהו—פרק ג׳—ג־ט דינסט און הייליגקייט פון "קדיש"

אין "פרקי אבות" גיט אָן שמעון הצדיק אלס איינעם פון די דריי עמודים אויף וועלכע די וועלט שטעהט דעם עיקר האמונה — "עבודה" — גאָטעס-דינסט. בזמן שבית המקדש היה קים, האָט דאָס געמיינט דעם עבודת הקרבנות. דער קולט האָט פארנומען דעם אויבענאַן, דעם גרעסטען אינטערעס ביי די אידישע מאַסען, כאָטש די נביאים און אנדערע גדולים זיינען ניט געווען איינשטימיג מיט דעם סאָרט אמונה, אָבער אויך זייער געגנערשאפט איז געווען צום מגושם׳-דיגען געדאנק פון קרבנות: דעם שעכטען, די בלוט און פלייש. אָבער ווי ס׳ווערט ערקלערט איז דער עצם פון קרבנות, דער אידעאל, דער גייסט, גע־ווען די "וידוי, די סמיכה", דער הארץ און קאָפּ-געפיהל, דער חשבון הנפש.

נאָך׳ן חורבן איז בלויז בטל געוואָרן די חומר׳דיגע עבודה פון קרבנות, אָבער דער גייסט, דער מאַראַל, איז געוואָרען פארביטען פאר תפילות, בקשות, תחינות, פיוטים, יוצרות, סליחות, קינות ופזמונים, ווי מיר זאָגען "ונשלמה פרים שפתינו"—מיר וועלען באַצאָהלען פאַר די אָקסען קרבנות מיט אונזערע לעפצען. ברכות והודאות. די פארשיידענע תפילות זיינען געוואָרען גענומען פון פרשות אין תנ׳ך, פרקים פון תשבע״פ, ספרי מוסר, נגלה ונסתר, אין וועלכע מען האָט מתקן געווען אין פראָזע, פּאָעזיע, חרוזים, יהי רצון׳ס, רבון-עולמים׳ס, הנני מוכן ומזומן׳ס וכדומה. מ׳האָט זיי מחבר געווען אין א משך פון א פּאָר טויזענט יאָהר, איבער׳ן גאנצען ישוב העולם, וואוהין נאָר דער עם מפוזר ומפורד איז פארוואָגעלט געוואָרען, האָבען זיך געפונען יחידי סגולה, משוררים און מקוננים, וואָס האָבען אין זיי אויסגעגאָסען זייערע הארצענס געפיהלען, פאר על כל צרה שלא תבוא, און אין אויסנאהם-פאַלען, שירים ושבחים פון פרעהלאכע עפּי־זאָדען, ישועות און נצחונות.

אין דעם פארשיידענארטיגען "אוצר התפילות", זיינען ניט אלע אין דער־זעלבער מדרגה. אַנדערע זיינען תמידים פאַר אַלע צייטען אין יאָהר, וואָכען־טעג, שבתים און ימים טובים, פאר גרויס און קליין, מענער און פרויען, פאר אַלע ערטער, אין שולען, היימען, ביחידות און בציבור, צום זאָגען און זינגען, מיט סקארבאָווע ניגונים, מיט א שטרענגען פארבאָט ניט צו פארמיידען זיי: די תפילות של שחרית, מנחה ומעריב, וועלכע פון זיי ק״ש און שמונה עשרה זיי־נען העכער אין מעלה און התחייבות, אַנדערע מיט אַ אויסנאהם הויכע אָפּשאַ־צונג, ווי קדושה, ברכו, אד״ג. דאַגעגען זיינען דאָ אַנדערע, וועלכע האָבען צוליב אומפארשטענדליכע מאָטיווען, ניט זוכה געווען צו ווערן פּאָפּולער, זיי ווערן פארנאַכלעסיגט, אויסגעמיטען און פארגעסען.

אַן אויסנאהם פון אַלע אַנדערע תפילות איז דער קדיש. ער איז ניט לאַנג אין אינהאלט, אין איהם איז ניטאָ קיין שם הויה, ער ווערט מעהר ווי־דערהאָלט, ווי וועלכע אַנדערע אין דעם רייסטער פון תפילות, א תושב פאַר וואָכען-טעג, שבתים, יו״ט, ימה״נ, נאָך אַלע תפילות, נאָך׳ן לערנען, קה״ת, תהילים זאָגען און דרשות, קדיש ווערט געזאָגט ביים ש״ץ, בעל קורא און אבלים.

ס׳איז ניטאָ קיין געוויסע קלאָרקייט: ווער? ווען? און וואו מען האָט איהם מתקן געווען. ס׳זיינען דאָ חלוקי דעות וועגען נוסח, זיינע כוונות זיינען פאר־באָרגען, פיעלע מיינונגען וועגען זיינע סודות, רמזים, טעמים און תכלית; ער איז איינגעהילט אין מיסטיציזם, אומפארשטענדליך, ניט באגרייפליך; ניט ווי־

סענדיג פאר געזויס, זיין אורשפרונג און פארפאסונג, האָט דאָס מיטגעבראַכט ער זאָל ווערן פאררעכענט אלס א כח טמיר ונעלם, צו גרייכען אין די עולמות העליונים, און א שטארקען איינפלוס אויף׳ן עולם התחתון, אפילו אויף פאר־פרעמדטע אידען, צו ברענגען זיי אין די שוהלען, דערנעהנטערען זיי צום טראַ־דיציאָנעלען יודענטהום . . .

דער נאָמען: "קדיש" איז די באדייטונג פון דעם לשון הקודש וואָרט: "קדוש", הייליג. דאָס איז א געפיהל־וואָרט, פאר א גייסטליכע אָפּשאצונג, אַ ניט־באַרירבארער מיסטישער געגענשטאנד, וועלכען מ.דארף באַהאַנדלען מיט ליבע און עהרענפורכט, פארבאָרגען מיט סודות, פון א גרויסען מאָראַלישען ווערטה, אַזעלכעס וואָס ערוועקט ערהאבענע רעליגיעזע סענטימענטען, א נשמה געפיהל, וואָס מ׳קען ניט באַגרייפען מיט ממשות׳דיגע, גשמיות׳דיגע חושים, א אָפּשטאַמונג פון עולם־האצילות, וואָס דערגרייכט דעם מענשען דורך גייסטיגע השגות, רוהניות געפיהלען, וואָס בעאיינפלוסען, דורך אונזעהבארע מיטלען, פארהוילט ווי אונטער א וואָלקען, נעפּעלדיגע דורכדרינגענדע שטראַהלען פאר א זעעלען פאַנאָראמע, א טמיר ונעלם שוועבענדער גייסט, וואָס ווערט אויס־געדריקט אין אונזערע תפילות, שירים ותשבחות.

מיט דעם איז געוואָרען באצייכענט דער וויכטיגסטער פלאַץ, פאַר אי־דישער ערהאבענקייט און חשיבות. דער שטאָלץ פון אידיישען פאָלק איז געוועזן דער בית המקדש, און דער זיינער באגרעניצטער עסענץ, דער קדשי־הקדשים. דאָרט איז געוועזן דער מיטעלפונקט פון וואנען ס׳האָט געפליסט די השפעה פון אידישען, רעליגיעזען, קולטורעלען און פאָליטישען לעבען. פון דאָרט האָט פולסירט דער יודענטהום, דער פונדאמענטאלער מיטעלפונקט פון פאָלקס־געזעלשאפטליכען איינפלוס מיט זיינע טעטיגקייטען. דער חורבן בית המקדש האָט פארניכטעט די געביידעס, די מאטעריאלען פון שטיין, מארמאָר, גאָלד און זילבער, אָבער דער גייסט זיינער איז געבליבען. ג־ט׳ס צאָרן איז גע־וואָרען אויסגעגאָסען אויף די האָלץ און שטיינער: פון זיין אָנדענקונג שטראָמען הערליכע נאציאָנאלע בײנקונגס געפיהלען. ביז צום היינטיגען טאָג, ווען א פיהלענדער איד וויל אויסדריקען זיין שמאכטען און לעכצען, טרויערען און באַדויערען אויף׳ן גרעסטען פארלוסט פון אידען, איז דאָס אויף דעם חורבן בית המקדש.

ווען אידען ווילען מאכען א פאַראלעל, אויסדריקען א שטארקען צער און צאָרן, אויף אונזער אומבאַהאָלפענקייט, וועגען א שרעקליכען מצב, א קאָלאָ־סאלע קאַטאַסטראָפע, א פאָלקס־אומגליק, איז דער צוגלייכעניש צום פארוויסטונג פון בית המקדש. אידען אַלס אַ מארטירער־פאָלק, האָבען פיעל טרויער־טעג, באגלייט מיט אבילות און תעניתים, אויף די פיעלע אידישע צרות, פורעניות׳ן און רדיפות, אָבער קיינער נעמט ניט אָן אזאַ אומעט און שארפען הארצווייי־טאָג ווי תשעה באב, דער נאציאָנאַלער טרויער טאָג פון חורבן בית ראשון און בית שני, פון בערך צוויי טויזענט יאָהר צוריק. דער טאָן איז ניט פאר׳ן חורבן הארץ, גלות האומה, נאָר די פארוויסטונג פון ביהמ״ק.

שבת און יום טוב ווערט ביי אונז באַטיטעלט מיט "מקרא קודש", א טאָג פון היילִיגען בארוף. אין אונזער באגייסטערטען שבח והודיה, וואָס מיר זאָגען מיט א יראת הכבוד אין יעדער שמונה עשרה, אויף אַ ריטהמישען שטייגער, ווערט גערופען קדושה — די היילִיגקייט. זי פאנגט זיך אָן מיט׳ן פזמון: מיר די דרי מטה וועלען הייליגען דיין נאָמען, ווי ער ווערט געהייליגט ביי די דרי־מעלה, פון די מלאכים, שרפים ואופנים. אין צווייטען פערז קומען מיר צו אַ רעליגיעזען באגייסטערטען עקסטאז, וועלכען מיר דריקען אויס, ניט בלויז

מיט ווערטער, נאָר אויך מיט׳ן קערפּערליכען באַוועגונג, מ׳שפּרינגט דריי מאָל קדוש, מיט א התפשטות הגשמיות. דערזעלבער פּזמון ווערט אויך געזאָגט אין אנדערע פון אונזערע תפילות.

דער וואָרט איז א השתפכות הנפש אויספלוס, ווען קערפּערליכע עמאָציאָנען פארלירען זיך, ווען מ׳ווערט באגייסטערט מיט התלהבות צו ווערן אַ מאַרטירער, פאר א גרויסען אידעאל, ווען מ׳לאָזט זיך אומברענגען, פארטיליגען דעם הומר, דעם ערדישען עקזיסטענץ, ווערט דאָס באצייכענט, א טאָט צו פארהייליגען ג-ט׳ס נאָמען: "קידוש השם!" עס ווערט דער בשר ודם א קדוש, אַז מען אָפּערט דעם קערפּער, פאַר אַ ניט קלאָרע באגריפענדע עקזיסטענץ, א אומפארשטענדליכעס, וואָס מען פארהייליגט. דער ברויזענדער אויסברוך איז א ערשיינונג פון אַלטע צייטען; עס פאסירט ביי פיעלע ראַסען און פעלקער, אָבער פיעל מעהר אָפטער, און פאר רייניערע אידעאלען, איז די געשעהענישען א לאנגע קייט אין דער אידישער מארטירעריאָלאָגיע, פארצייכענט אין די כראָניקס פון אונזער היסטאָריע, אָנפאַנגענדיג פון אונזער פאָטער אברהם, ווען דער "פרא־אדם נמרוד" האָט איהם ארייגעוואָרפען אין קאלך־אייוועז, פאר׳ן פּראָקלאַמירען הכרת און אחדות הבורא. דאָס איז איבערגעגאנגען בירושה צו יצחק׳ן, וועלכער איז געווען וויליג צו אָפּפערען זיין לעבען ביים נסיון פון דער עקידה, און אזוי געהט די ליניע פון קדושים אין אַלע צייטען און אַלע דורות עד היום הזה.

אין אונזער פאָלקס שפּראַך ווערט דער פּלאַץ, וואו דער גוף קומט צו זיין אייביגען רוה, גערופען מיט׳ן נאָמען "הייליגער אָרט. קול המון כקול שדי — די שטימע פון מענשען איז ווי די שטימע פון דער ג-טהייט. ווען די קאָמבינאַציע וואָס מיר רופען מענש, ווערט צוטיילט, די נשמה קערט זיך אום צו די עולמות העליונים, שוועבט לויט אונזערע רעליגיעזע באגריפע אין דעם אונענדליכען וועלט־אל, און דער חומר ווערט געלייטערט פון טהירישע נייגונגען, קערט זיך אום צו די ערדישע עלעמענטען, איז דער פּלאַץ, וואו דער פּראָצעס קומט פאָר, וואו מיר ווייסען און באגרייפען דאָס, א הייליגער אָרט, א פּאַסענדער נאָמען פון פאָלק׳ס מויל.

נאָך גאָר פון די אור־אַלטע צייטען איז געווען א השגה צו פארהייליגען, פארגעטערען די גייסטליכע קראפט, וואָס רעגירט און געוועלטיגט. ס׳איז געקומען צום פאָרשיין דורך געבעטען, לויב־ווערטער, צערעמאָניעס, אָפּער און סימבאָלען, איבערגעגעבען פון דור צו דור: להבדיל די געצענדינער און אָפּילו ביי זאָגענאנטע מאָנאָטהעאיסטישע רעליגיעס און קולטען, איז די פארעהרונג געוואָרן פּערזאָניפיצירט מיט בילדער און סטאַטועז. אויך רעגירונגען און אַנדערע קערפּערשאפטען פארהייליגען א געוויסען אַרטיקעל: א פאָהן, עמבלעם און באַנער, וואָס פארקערפּערט זייער הייליגקייט, זייער אידעאל. מיט דעם צייכען ווערט אָנגעדייט, אויסגעדריקט דער גלויבען, די שטרעבונגען, דער שטורמער סימבאָל ווינקט; ערמוטיגט, וועקט און רופט, מ׳זאָל מיט התלהבות דורכפיהרען, די אויפגאבען, אַ הימנע, א סלאָגאַן, צו באַגייסטערן פאר׳ן צוועק און ציל, א סינטעז פאר באַגייסטערונג.

ביי אונז אידען זיינען סקולפּטור סטאַטועז פון בורא עולם, פאַנטאַסטישע בילדער פון מנהיג העולם, פארגלייכעניש סימבאָלען פון הימלישע און ערדישע קערפּערשאפטען, שטרענג פארבאָטען. לויט אונזער אמונה וועגען ג-טליכקייט, קאָן ניט זיין א פארגלייכעניש. "אינו גוף ולא ישיגהו משיגי הגוף"—אלהות איז א אומבאַגרעניצטע אונענדליכקייט, וואָס איז שייך צו צייט און רוים, קיין קערפּערליכקייט אין וועלכען פאָרם. מיר האָבען ניט פאר דעם קיין פיהלענ־

דען ממשות'דיגען חוש, א בילד אין וועלכען וועג ס'זאל זיין, פארבילינגט, פארוואכענט און פארקלענערט די אונענדליכע, אונמאסיגע, אויסשטראהלונג פון דער הייליגקייט. די תורה פארזאגט אונז: "לא תעשה לך כל פסול וכל תמונה" —מיר טארען ניט מאכען קיין אויסגעהאקטען, אויסגעהאפטען, געשניצטען, געמאלענעם בילד, סימבאל, פון די הימלישע און ערדישע קערפערס צו פערזאניפיצירען די ג-טהייט, ווייל עס גיט ניט קיין פארעלעל, ס'קאן ניט זיין קיין פארגלייכעניש.

מיר האבען יא גייסטיגע סימבאלען פאר די ג-טליכע באגריפען, דורך א אותיות פורחות באויר, אילוסטראציעס, הימנעס, תפילות, שירים ותשבחות, א סארט סלאגאן, א פאס-ווארט, רעליגיעזע צערעמאניעס, מיט התלהבות, וואס רופען, וועקען, רודערן אויף די הארץ-געפיהלען, רמזים און כוונות מיט די פרינציפען פון תורה ומעשים טובים, גראדע ווי יעדער סעקטע, גרופע און נאציאן האט זיין עהרענגעפיהל צו דער אנגענומענער פאהן, עמבלעם, סלאגאן און הימנע פאר וועלכע ער איז גרייט צו אפפערען זיך.

דער אידישער התלהבות'דיגער אויסרוף פון דער אנערקענונג אין א אונצווייפעלדיגען "בורא יחיד ומיוחד", די אינדיווידועלע איינציגע ג-טהייט, איז "שמע ישראל — — — אחד! ער האט באגלייט דעם אידען אין עקסטאז פון אמונה, ווען ער האט געיובעלירט, און נאך בולטער, ווען ער איז אומגעקומען אויף מסירת הנפש, פאר זיין ג-ט, תורה, אמונה און פאלק. ס'פאלגט נאך מיט'ן "ואהבת את ה' אל' בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאודך . . . ווערט געדרשה'נט ביי די חז"ל, אז ליבע צו גאט דארף זיין ביז צום עקסטרעם, אפילו ווען מ'דארף אפפערען פאר דעם די הארץ, דעם לייב און דעם פארמעגען. "שמע ישראל" איז געוועזן דער אידישער פארצווייפלונגס, שארפסטער, יאוש'דיגער אויסגעשריי, ווען אונזערע מארטירער זיינען געווארען געפייניגט מיט א מיתה משונה, ווען דער טויט שטעהט פאר די אויגען פון קדושים, באגעגנען זיי איהם מיט דעם שמע ישראל אויסרוף!

ער רעקלאמירט דעם אידען'ס אנערקענונג פון אחדות-הבורא, דעם מאנאטעאיזם. וואס איז דער הויפט פרינציפ פון אונזער אמונה. אברהם אבינו איז געוועזן דער ערשטער דאס צו אנערקענען און פראפאגאנדירען, מיט'ן זעלבען אידעאל זיינען געוועזן זיינע נאכפאלגער. יצחק האט דורכגעפיהרט דעם זעלבען מיסיאן און אזוי יעקב אבינו, וועלכער האט בעפאר זיין פטירה איבערגעגעבען צו זיינע קינדער אז דער עיקר היהדות איז שמע ישראל — — — אחד!

דער תמצית פון דער שיטה האט באגלייט די עברים דורך דעם פינסטערען פעריאד פון שיעבוד מצרים, וואו פיעלע אידען זיינען געווען פארזונקען אין מ"ט שערי טומאה פון תועבות המצרים, אבער די יהידי סגולה האבען באהאלטען דעם מורשת אבות פון אחדות הבורא, ווי די חז"ל זאגען, אז די אידען זיינען געווארען אויסגעלייזט פון מצרים פאר.'ן זכות וואס זיי האבען ניט געביטען זייער נאמען, שפראך און קליידונג, נאכפאלגער פון די אבות, ביי דער אנטפלעקונג פון דער שכינה צו משה רבינו מתוך הסנה, ווען דער רעיה מהמנא פרעגט, וואס פאר א נאמען פאר דעם כל-יכול זאל איך געבען צו די אידען, איז געווען די תשובה: "אהיה אשר אהיה", די קראפט, די מלכות שמים, וואס איז געווען און וועט זיין, די אייביגקייט, דער אין-סוף האט מיר געשיקט, אייך צו אויסלייזען. ניט וועלכען פון די שם הויה'ס, נאר "אהיה אשר אהיה", אזוי ווערט געזאגט אין קדיש: "יהא שמה רבא מברך", ס'זאל זיין דער נאמען גרוים און געבענטשט; "לעלם ולעלמי עלמיא"—פון אלע וועלטען, די אייביגע אייביגקייט, די ענדלאזע ג-טהייט.

דיזעלביגע היילִיגע פונקען האָבען ארויסגעבליצט בשעת מתן תורה, אויפ׳ן בארג סיני: ״אנכי ה׳ אלהי״, איך בין דער יחיד ומיוחד, לא יהיה לך אלהים אחרים, אזוי ווערט ווייטער אין דער תורה מרומז דער עיקר היהדות, מיט׳ן אויסדרוק: ״ונקדשתי בתוך בני ישראל״ — ג־ט׳ס הייליגקייט זאָל זיין צווישען די אידען. אינו גוף ג־טליכקייט איז ניט קיין קערפערליכער וועזען, עס איז א התפשטיות־הגשמיות, א הייליגקייט, אַ מלכות׳ שמים. מיט דעם רעיון ווערט ארומגערינ־געלט דער ״שמע ישראל״. מען פאַנגט אָן מיט ״אל מלך נאמן״, און מ׳שליסט מיט ״ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד״—דער הימלישער רעגירען פאר די איביגע אייביגקייט. דאָס איז די ג־טליכע רעיונות אין קדיש ״יתגדל ויתקדש״, — גרויסקייט און קדושה; ״שמה רבא״—איז זיין נאָמען; ״וימליך מלכותה״ — ס׳זאָל רעגירען די הימלישע קעניגרייך; מיט׳ן אויספיהר ״לעלם ולעלמי עלמיא״, דאָרט איז ״ברוך שם״ — און אין קדיש קומט צוויי מאָל דער אויסדרוק ״שמיה״ ניט קיין ״שם הויה״, נאָר זיין נאָמען סתם.

## ילקוט אליהו, — פרק ד׳: מאָראלען און פרינציפען אין ״קדיש״

ווי א טייערער עדעלשטיין איז אין דער אידישער רעליגיאָן אריינגעפאסט דער הומאַניטאַרער פרינציפ פון ליבע. נאָך דער פראָקלאַמאַציע פון א איינציגע ג־טהייט אין שמע ישראל, קומט דער ואהבת את ה׳ אלה׳ — — און אין שייכות מיט אהדות הבורא, איז דער פועל יוצא פון אחדות הבריאה — איין באַשעפער און א איינציגע שאפונג. דער רעזולטאט פון ואהבת את ה׳ דאַרף זיין ליבע צו יציר כפיו, ס׳זאָל זיין דעם מענשען׳ס פליכט, ווי הלל האָט באגרינדעט, ״ואהבת לרעך כמוך״, איז דער כל התורה כולה, ואידך זול וגמור. דער ליבען פון דער מענשהייט איז דער הויפט פרינציפ, דער יסוד אויף וועלכען אַלע אונזערע מעשים זאָלען ווערן באגרינדעט. ס׳קומט ביז׳ן עקסטרעם פון ואהבת את הגר, אויך אַ פרעמדען זאָל מען ניט נאָר געדולדען, נאָר אויך ליבען. דאָ שפרודעלט די לויטערקייט פון די ערהאַבענע אידישע עטיקס.

די אידישע אמונה איז באַגרינדעט אויף גוטסקייט און ליבשאפט, סיי בין אדם למקום, און סאי בין אדם לחבירו. ליבען די ג־טהייט, ליבען דיין חבר, און ליבען אויך דעם פרעמדען, איז דער באַזיס פון אונזער אמונה, ווייל אַלע מענ־שען זיינען דאָך די שאפונג פון רבש״ע; די ג־טליכקייט רעגירט איבער אַלעס, פאַדערט זיך דארום גלייכהייט און פרייהייט צו אַלעמען. גליקליך איז די מענש־הייט, וואָס פאָלגט נאָך דעם מאָראַל אין אָנקלאַנג מיט דעם פרינציפ, ווען ס׳איז דאָ דער פונדאמענט, וועט שוין ווערן געבויט א וועלט געביידע פאַר אַלעמענס וואָהל און בעסטען, ווי די פראָפעצייהונגען פון די אידישע נביאים פאַר דעם ״באחרית הימים״ פאנאָראמע.

אומגליקליך איז די מענשהייט ,ווען ס׳ווערט פראקטיצירט א געגענגעזעצ־טע באַרבאַרישע אנשויאונג, ווען שאָוויניזם, האַס, ענגהערציגקייט, קליינקע־פיגקייט און עגאָאיזם דאָמינירען, וואו מ׳וויל רעגירען מיט׳ן מעסער, דובינע, שווערד, ביקס, באָמבע און די אנדערע משחיתים. די פאַליסים זיינען די ארטש־שונאים פון דער מענשהייט, וואָס ברענגען זיין פארניכטונג און פארוויסטונג, אַ פילאָזאָפיע פון קאַניבאַלען, גאנץ עגאַל צו דאָס איז אין דזשאָנגעלס פון אפריקא, אַוסטראַליע, א.ד.ג., אָדער אין בערלין, רוים און טאָקיא. דער אונמענשליך ווילדער מאָטיוו איז דערזעלבער, צו שטילען מיין הונגער און בייזע ליידענשאפ־

טען מיט יענעמ'ס בלוט און פלייש. שפעטער וועלען די קינדער פון די היינטיגע קרבנות באצאהלען מדה כנגד מדה, פארצעהרען זייערע עלטער'ס איינשלינגער און אומברענגער. דער בעסטיאלישער דראנג טהוט איצט שאלטען און וואלטען ווי א ברויזענדע מגפה, פעסט, קאטאסטראפע, איז דער אומגעצאמטער איצטיגער ווילדער אויסברוך, דורך די מאניאקס פון דעם סאדיסטישען דריילינג, וואס זיי קאנען באצייכענט ווערן מיט'ן ראשי תיבות "נגף", דאס מיינט נאצים, געלע יאפאנעזער, פאשיסטען. דאס איז דער קאמף צווישען ליכט און פינסטערניש, גוט און שלעכט, מלאך און אשמדאי, מענש און טייוועל . . .

דער בלוטדורשטיגער "נגף" מיט זייערע נאכשלעפער פון די אנדערע סאדיסטישע אנטיסעמיטישע לאגערען, איז די קעפ ניט אויסגעדארט צו זעהן, אז די יודענטהום פרינציפען זיינען די שטארקסטע ווידערשטעהענדע קרעפטען געגען זייער העגעמאניע. זיי מיט'ן יודענטהום גייסט, זיינען עקסטרעמע געגנער. די וועלט איז צו איינג פאר בײדען צו עקזיסטירען. די משוגענע הינט שרעקט מעהר דער אידישער מאראל פון יושר און צדק, די הייליגע פרינציפען אריגינעל אין תנ"ך און תורה שבעל פה, וואס זיינען אויך געווארען אדאפטירט ביי גאר דער פראגרעסיווער וועלט, ווי די שטארקסטע ארמייען, נייוויס און לופט וואפען פון די דעמאקראטישע לענדער. קיין בליץ-קריג איז ניט מעכטיג געגנוג בייצוקומען דעם אייביגען אמת, קיין פראפאגאנדע, וואס זשיפעט מיט שלאנגען גיפט וועט ניט העלפען, זא לאנג ווי אין די מענשליכע מוחות טוליעט נאך אידישע עטיקס, ווען אפילו נאר ביי יחידי סגולה זשארעט נאך א פונק פון תורה טוגענד און מידות טובות, וועט דער הייליגער ניצוץ זיך פערנאנדערפלאמען צו א לויטערע באלייכטונג, וואס וועט פארטרייבען די פינסטערניש פון וועלט הארייזאנט. די צוויי-פיסיגע בעסטיעס, מיט זייער גאנצער חיה'שער ווילדער בייזקייט, אלע זייערע פארניכטענדע גבורות, זיינען שוואכער פאר'ן גייסט פון הומאניטעט, די הייליגע פרינציפען פון "ואהבת"—זאלסט ליבען . . .

נאך פון גאר אוראלטע צייטען, האבען זיך אנגעשטויסען די געגענגעזעצטע עלעמענטען: נמרוד געגען אברהם, סדום געגען אברהם'ס נאכפאלגער, פון איין זייט ישמעאל, עשו, פרעה, עמלק, אשור, בבל, יון און רוים; פון דער צווייטער זייט די אבות, נביאים, סופרים, חכמי התלמוד, ירושלים און אזוי אין די ווייטערדיגע דורות. היסטארישע עפיזאדען באשטעטיגען דעם כלל, אז די פען איז מעכטיגער ווי די שווערד, דער ווארט פאר'ן כלי-זין; לא בחיל ולא בכח כי אם ברוח, אלה ברכב ואלה בסוסים, ואנחנו בשם — — — סוף כל סוף וועט פראגרעס, מענשלאכקייט און גערעכטיגקייט טריאומפירען, די דעמאגאגען וועלען פארצעהרט ווערן אין זייערע איגענע פארניכטונג דאקטרינס. על דאטפת אטפוך— דער "נגף" האט פארגאסען טייכען בלוט, און וועלכע ער טרינקט זיך שוין אליין. מיליאנען טויטע און פארוואונדעטע, קאליקעס און הרוגים מיט אלע מיתות,משונות, פארפראַרענע אין רוסלאנד, היצען-געפאלענע אין די מדבריות פון ליביא, צושמעטערטע פון באמבערס אין בארבארען הימלענדער, זייערע טאנקען און פאראשוטען האבען קיין ווערטה, זיי קאנען זיך ניט באשיצען געגען די עפידעמיעס פון די גהעטאס, וואו זיי ווילען פארטיליגען אונזער מארטירער פאלק. פון גרוב וואס זיי האבען געגראבען פאר אידען, קומט דער פעסט זיי אליין צו פארניכטען. "בור כרה ויחפרהו ויפול בשחת יפעל".

ירושלים, רוים און בערלין, זיינען צוויי אנטאגאניסטען, ניט אויף פהיזישע שלאכט-פעלדער, נאר אויף דער ארענא פון טהעזיסען, טהעאריעס, דאקטרינס און פילאזאפיעס. שלאנגען בלוט שארפט מוהות צו פראפאגאנדירען זייער ניטשע'אנישע שיטה פון אן "איבער-מענש", אז נאר דער אויסנאם פהיזיש שטארק,

דער חכם-להרע, כיטרער פאר שלעכטס, זאָל לעבען פארשקלאפען די שוואכערע, זיי צוטרעטען און פארניכטען. דאס ווערט איצט פראַקטיצירט ביים "נגף". דער אידישער געדאנק, אונזער מאָראל איז: "ורחמיו על כל מעשיו, ומשביע לכל חי". דער מנהיג העולם איז א "זן ומפרנס לכל מקרני־ראמים עד בצי־כנים"— ג-ט איז בארמהערציג אויף דער גאנצער שאפונג, ער שפייזט אלע, פון די מעכטי-גע ריזען ביז די רייג פון אינסעקטען, צום זעטיגען אלע בעלי חיים איז זיין ווילען.
נאָך דעם לויטערען פרינציפּ פון "ואהבת" ווערן אידען פארזאָגט: "ושננתם לבניך" — אין אלע דורות זאָל דער עם הספר זיך פארשאַרפען אין דעם הומאַ-נישען סלאָגאן, מ'זאָל דאס נאָכפאָלגען אין דער היים און אין וועג, ביים געהן שלאָפען און ביים ערוואכען, זאָל דאס זיין פאר אונזערע אויגע אייפגעשריבען אויף טהיר און טויער. אויף אלע פיער עקען פון אונזערע קליידער זאָלען מיר אויסקניפען און ארײנשלייפען "ציצית" — אונזער עמבלעם; תפילין אויפ'ן קאָ-מער פון די געהירען "של ראש", ביי די הארצענס געפיהלען, דעם אָרגאן פון מעשים—"של יד". ניט קיין סוואסטיקא אפשיילכקייט, א צייכען פון מאָרד און טיראַניי, א הארסט-ווּעסעל בלוט, פארשיכור'ט פון סאדיזמוס, ווערט גע-ברומט, די ציאָכעטקייט, אז פון מעסער שפריצט, טריפט אידיש בלוט, דער וואויען פון הינטישע זעעלען; מיר ווערן פארזאָגט, מיר זאָלען זעהן אונזערע עמבלעמס, זיי זאָלען זיין דער סיגנאל "ולא תתורו אחרי לבבכם ואחרי עיניכם", איד, גיב ניט נאָך די טהירישע אינסטינקטען פון אויג וואס זעהט, הארץ וואס גלוסט, און ווי די חז"ל זאָגען, אז די אויג און הארץ זיינען די פארמיטלער צו עבירות, דער איינהאלטען זיך לייטערט דעם אידען, ער זאָל מקיים זיין אלע מצוות, "והייתם קדושים" — זייט א פאָלק פון קדושה. מיט'ן זעלבען אינהאלט זיינען די פרשות אין אידען'ס תפילין, און די חז"ל זאָגען אז הקב"ה לייגט אויך תפילין. אין יענע פרשות זיינען "ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ"—א פאָלק וואס פרעדיגט ניט "כל דאלים גבר", א אויבער-מענש. ביי אונזערע זיינען דאָ אנדערע גבורים, גייסטיגע ריזען. גבור, הכובש את יצרו—א העלד איז דער וואס באזיגט די טהירישע אינסטינקטען; "אדירי התורה", מעכטיגע וואס זיינען לוחמי מלחמת של תורה, קעמפען אויפ'ן תורה געביט.

אין אנקלאנג מיט די הויכע אידעאלען איז געווידמעט דער "פזמון קדיש"— גרויסקייט און הייליגקייט פון זיין הויכען נאָמען, וואס ער האָט באשאַפען לויט זיין ווילען. דער "משביע לכל חי רצון", דער "ורחמיו על כל מעשיו" — "יתגדל ויתקדש שמה רבא בעלמא די ברא כרעותה". פיער קדישים שליסט מען מיט: "יהא שלמא רבא מן שמיא", און מיט "עושה שלום במרומיו" — — — ס'זאָל זיין א פרידען פון הימעל, אויפ'ן עולם התחתון, זאָל זיין א פאָלקאָמענע הארמאָניזירונג, ווי דער פרידען אין די עולמות העליונים. דאָ קאָן מען באַ-מערקען דעם רוח הנבואה, דעם ג-טליכען געפיהל פון קדיש גייסט, ס'ווערט ניט געבעטען פאר סתם א שלום אום יעדען פרייז, א פרידען אויף יעדען ארט און ווייזע, וואס ווערט געשלאָסען פון כיטרע אוואנטוריסטען אויף איין זייט, און נאָאיווע, וואס לאָזען זיך ארייננאַרען דורך בעטרוג און סטראשונקעס פון דער צווייטער זייט.

די וועלט צאָהלט אין דער איצטיגער עפּאָכע א אומגעהויער שרעקליכען פרייז פאר'ן ניט באגרייפען דעם טיפזיניגען אונטערשייד פון א הימלישען שלום, צו א ליגנערישען ("אפּיזמענט" בלע"ז). דער איצטיגער וועלט כאָאָס, די בלוטיגסטע מלחמה פון אלע צייטען איז דער פועל יוצא פון שוואכע מוחות אין מיניסטערישע קעפּ, און זייער ענגהארציגקייט, א עגאָאיסטישע פארבלענ-

דעניש צו דיינקען אז מיט'ן מנובל'דיגען "נגף" קאָן מען פאַרהאַנדלען ווי מיט מענשען, עס זאָל זיין א וואָרט און אן אָפּמאַך. די וואָזשנע דיפּלאָמאַטען זייינען געווען נאריש אוך שלעכט צו דענקען, אז מיט'ן מקריב זיין צו די פּראים, דעם שוואַכען אידען, אינטעליגענטען, פריי-דענקער, ארבייטער און די קליינע מדינות, וועט מען רעטען די אייגענע פעל, דעם זיך, מיין משפחה, מיין גלויבען, מייך לאנד, מיין קלאַס, אַנזעטיגען דער ווילדער חיה, וועט ער אונז ניט טשעפּען. ווי אומוויסענד און בלינד זיינען זיי געווען, ניט צו פארשטעהן די פּסיכאָלאָגיע, אז אַ קאַניבאל, אַ ווילדע בעסטיע, ווערן דאן געפערליכע מענשען-פרעסער, ווען זיי פארזוכען נאָר איין מאָל מענשען פלייש. מיט'ן פרעסען קומט דער אַפּעטיט . . .

מיט דריי און האַלב טויזענטער יאָהרען צוריק האָט שוין דער מחוקק מרע"ה פארשאָלטען די עגאָאיסטישע אפּיזערם. אין פּ' נצבים זאָגט ער: "פּן יש בכם — — — שורש פורה ריש ולענה — — — והתברך בלבבו לאמר שלום יהי לי" — טאָמער וועט זיך געפינען צווישען אייך אַ וואורצעל, וואָס וועט באפרוכפּערען מיט ווערמוט און ביטערקייט. ער וועט זיך איינריידען אַז איהם דארף אינטערעסירען נאָר זיין אייגענער פרידען. דער פאַלשער געדאַנק וועט ברענגען צרות און אומגליקען, חורבנות, שאַנדע, און קאטאסטראָפעס אויף'ן גאנצען לאנד, פאר'ן געגענווארט און שפּעטערדיגע דורות. שלום איז א טייערע ברכה — "ה' יברך את עמו בשלום". ווען דער שלום קומט ווי עס איז דער וואונש אין קדיש, "מן שמיא", ס'ווערט אָבער פערוואַנדעלט אין א קללה, א שלום מיט רשעים געגען מנובלים, איז "אין שלום אמר ה' לרשעים" — געגען באַנדיטען מיט מלחמה לוסט, זאָגט די תורה. "מחה תמחה את זכר עמלק" — לגבי אזעלכע איז דאָ א געבאָט "ובערת הרע מקרבך, לא תחוס ולא תחמול עליהם" — אַ גליד פון א קערפּער וואָס איז פארגיפטעט, אַ צווייג פון אַ בוים וואָס דארט אָדער פוילט, דארף מען אויסשניידען; פון א נגע צרעת מוז מען לויז ווערן צו ראַטעווען דעם קערפּער.

אין אונזערע תפילות בעטען מיר מיט דעם גייסט "וכל הרשעה כלה כעשן תכלה, כי תעביר ממשלת זדון מיט הארץ", — שלעכטס זאָל ווי א רויך פארלענדט ווערן, ס'זאָלען פארניכטעט ווערן שלעכטע, בייזוויליגע רעגירונגען, טיראַנישע הערשער, דאמאָלס "ותמלוך אתה ה'" — די מלכות שמים, דער אל רחום וחנון, ווערט דער מנהיג און פארטיליגט דאָס בייזע און שלעכטע. דער שלום יהיה לי איז אן אומגליק; שלום איז א ברכה ווען ער איז מן שמיא . . .

דער "קדיש" איז א דעמאָנסטראַציע געגען א שלעכטער און פאַרדאָרבענער וועלט, וואו מאָרדען איינער דעם צווייטען איז א טוגענד; ס'ווערט פארדעקט מיט'ן שאבלאָנעם סלאָגאן, אין מלחמה איז אלעס ערלויבט. דער פאַלשער היפּאָקריטסטוואָ פארשלייערט זיך אין אַ מאַנטעל פון פּאַטריאָטיזמוס, מיט דער מאַסקע ווערט געלערנט, אז וואָס גרעסער דער רוצח איז, מעהר ווערט ער אַנערקענט אלס העלד, מוטיגער פאָלקס זיגער. דער יודענטהום פרעדיגט דעם קאָנטראַסט. מיר בעטען "יתמו חטאים מן הארץ" — דרש'נען די חז"ל, אז מיר בעטען ניט די זינדער זאָלען פארטיליגט ווערן, נאָר די זינד — שלעכטס און ברוטאליטעט זאָל אוועק; און גוטסקייט, פרידען און בארמהערציגקייט זאָל רעגירען. דאמאָלס "יתגדל ויתקדש" "וימליך מלכותה", אָרדער, פריינדשאפט און גערעכטיגקייט זאָל געוועלטיגען, דאָס זאָל געשעהן איך גיכען: "בחייכון וביומיכון — — — בעגלה ובזמן קריב", אין פארלויף פון אונזער לעבען, אין אונזערע טעג, אין גיכען און איך דער נאָהענטער צוקונפט. דאָס איז דער צוועק פון דער וועלט שאַפונג, אזוי איז דער ווילען פון דעם וועלט שאַפער און פיה־

רער. די מתקני ומחברי הקדיש זיינען געווען ווייטזעהענדע חכמים, זיי האָ־
בען פארשטאנען אָנצודייטען, אז מיר בעטען פאר א פאַלקאָמענעם שלום, לויט
דעם מוסטער פון "שלום במרומיו" — צו־ישען ראסען, נאציאָנען, גלויבענס און
קלאַסען זאָל זיין שלום, אין די הימען צווישען עלטערן מיט קינדער, אין די
שוהלען צווישען אַוועקגעהענדען און דעם קומענדען דור — להשיב לב אבות
על בנים ולב בנים על אבותם — דאָס איז די פראַקלאַמאַציע, וואָס די קינדער
גיבען צו די עלטערן, וואָס זיינען אוועק אויפ'ן עולם האמת, אז זיי וועלען זיי
נאָכפאָלגען, לויט דעם מאור היהדות.

## ילקוט אליהו — פרק ה'; לעגענדעס און מיסטיק פון "קדיש"

אן אגדה דערצעהלט: לעתיד לבא, וועט דער רבש"ע ענטפלעקען די סודות
פון דער תורה; דוד המלך וועט אויף זיין פידעלע אויסשפילען די טענער פון שירי
קודש, און די צדיקים אין גן־עדן, וועלען איהם באגלייטען מיט זינגען, דער
ציבור וועט ענטפערען: "אמן! יהא שמיה רבא מברך לעלם ולעלמי עלמיא",
אָבער די פושעי ישראל פון גיהנם, וועלען נאָר זוכה זיין צו ענטפערען אמן! אין
"אותיות דרבי עקיבא" ווערט איבערגעגעבען אן עהנליכע אגדה, מיט אַנדערע
איינצעלהייטען: הקב"ה וועט דרשה'נען אין גן עדן, נייע טעמים צו דער תורה,
וואָס וועלען ערקלערט ווערן דורך משיה'ן; ביי דער דרשה וועלען פארנעהמען
זייערע בכבודיגע פלעצער די צדיקים און די פמליא של מעלה פון דער רעכטער
זייט, די זון, לבנה, כוכבים ומזלות, שטערן, פלאנעטען, קאמעטען און וועלט
סיסטעמען פון דער לינקער זייט.

ווען די דרשות וועלען דערגרייכען צו אגדה געדאנקען, די פארשלייערטע
רזין דרזין, וועט זרובבל בן שאלתיאל, דער גואל פון גלות בבל, זיך אויפשטע־
לען און אויסרופען: "יתגדל ויתקדש" — דעם נוסח פון קדיש — זיין שטימע וועט
זיך הערען פון איין עק וועלט צום צווייטען, און די גאנצע וועלט, אפילו די
רשעים אין גהינם וועלען ענטפערען אמן! די קולות וועלען דערגרייכען דעם
כסא הכבוד, דעם רחום והנון'ס רחמנות וועט זיך דערוועקען, און ער וועט
איבערגעבען די שליסלען פון גהינם צו די מלאכים, מיכאל און גבריאל, נ־ט וועט
זיי באפעהלען צו עפענען די טויערען פון גיהנם, פריימאכען די רשעים, זיי
לויז־מאַכען, דערהויבען צו דער מדרגה פון תיקון, אויסגעלייטערטע נשמות.
דאָס איז מרמז דער פסוק "פתחו שערים ויבוא גוי צדיק שומר אמונים", וואָס
מיינט די היטער, צו ענטפערן אמן!

א צוגעפאסטער עטישער געדאנק ווערט אריינגעוועבט אין דער אגדה, א
באחרית הימים פראָפעצייאונג: די וועלט וועט פראָגרעסירען, דערגרייכען צו
א הומאַנישער ענטוויקלונג דורך'ן איינפלוס פון די מאָראלען וואָס שטראַהלען
ארויס פון אונזער תורה, דעם מאור היהדות; דער יוניווערסאל, די אלע גע־
רעכטע און געזעץ נאָכפאָלגער וועלען איינשטימען, די פאהנען טרעגער פון
יושר וצדק. משיח מיט די אַנדערע צדיקים וועלען רעפרעזענטירען דעם עולם
התחתון, הימלדיגע קערפערשאפטען, פון דער צווייטער זייט א פאָלקאָמענע
איינשטימונג, פון הימלישען און ערדישען איינפלוס, הארמאָניע און פרידען, ווי
ס'ווערט אויסגעדריקט אין קדיש: "דער פרידען פון די הימלען זאָל האבען זיין
השפעה אויף דער ערד"; "יהא שלמא רבא מן שמיא וחיים עלינו: עושה שלום
במרומיו הוא יעשה שלום עלינו ועל כל ישראל ואמרו אמן!"

זרובבל, דער סימבאָל פון א אידישער גאולה בדרך הטבע, גראדע ווי דאַמאָלס פון בבל און פרס, אזוי פאַר אַלע צייטען און דורות, אן ערלייזונג פאַר אונטערדריקטע, א באפרייאונג פון טיראנען, וועט ווערן פראָקלאַמירט די הערליכקייט פון א הארמאָניזירטע מענשהייט, אָהן שקלאַפען קייטען; פרייהייט פאַר אַלע לויט אונזער תורה גייסט: "וקראתם דרור בארץ לכל יושביה" — דער פרייהייטס און גלייכהייטס סיגנאַל וועט אויפוועקען דער וועלט'ס געוויסען, געגען כאַאָס, טיראניי, רשעות, אונטערדריקונג, האַס, גיפט, נגישות, ענגהארציגקייטען און קליינקעפיגקייטען. אפילו די רשעים וועלען אויפציטערען; די מלאכים וועלען מיט השי"ת רצון באפרייען די וועלט פון גהינם . . .ס'וועט ווערן א וועלט פון גלייכהייט, גערעכטיגקייט און גוטסקייט, אפילו דער מלאך רע בעל כרחו יענה אמן! די ג-טהייט וועט רעגירען; יתגדל ויתקדש, וימליך מלכותה.

ווענען דער חשיבות וואָס דער קדיש פראָקלאַמירט דעם מלכות שמים, מוז ער ווערן געזאָגט בציבור, "ברוב עם הדרת מלך". ווען ס'ווערט געקרוינט אַ מלך דארף דאָס זיין אין געגענוואַרט פון פיעלע מענשען, און די חז"ל גיבען דעם כלל "מלכותא דרקיע כעין מלכותא דארעא", און לויט דעם סמך איז דער דין (מסיכת סופרים) אז ברכו, קדושה און קדיש דאַרפען ווערן געזאָגט בעשרה, און א קטן טאָר מען ניט מצרף זיין צום מנין. ס'דאַרפען זיין געזעצטע, עלטערע מענשען צו פארשטעהען די ערהאבענע סודות פון קדיש. אין אליהו רבא (פ"ה) ווערט געבראכט: "יהא שמיה רבא" זאָל ווערן געזאָגט נאָר אין א בית הכנסת און בית המדרש, דאָרט וואו מען האָט זיך עוסק געווען בתורה ובתפילה, און ווען מען האָט גע'דרש'ט ברבים. א תוספות אין מסיכת ברכות (ג' ע'א) גיט אָן דעם טעם, פארוואָס מען האָט מתקן געווען דעם קדיש אין לשון ארמית, כדי דער גאנצער פאָלק, וואָס ארמית איז געווען זייער שפראך, זאָל איהם פארשטעהן. מ'זאָל ניט טועה זיין, אז דאָס איז א בקשה תפילה פאַר'ן נפטר (ווי דער אל מלא רחמים און יזכור.) דאָס האָט געבראַכט דעם קדיש, ער זאָל ווערן באַטיטעלט "לעלא מן כל ברכתא, ושירתא, תושבחתא, ונחמתא" — ער איז העכער פון אַלע ברכות, גזעאנגען, לויבונגען און טרייסטונגען; "דאמירן בעלמא" — וואָס מיר זאָגען לעלם ולעלמי עלמיא.

די מתקני הקדיש ווילען באדייטען זיין מעלה, וואָס פאַר די ימים הנוראים, כאָטש מיר האָבען אזעלכע הארציגע תפילות רוחניות ובקשות, וואָס ציטערען אויף די סטרונעס פון הארצען, אויף דאמאָלס האָט דער קדיש די דערהויבענקייט פון דער העכסטער מדרגה. מיר דאַבלען דאמאָלס: "לעלא ולעלא"— צום העכסטען פון די העכסטע; ער איז א פיהלענדער טרייסט, א ערלייזונג פון א בייזער, זינדיגער שלעכטער וועלט, צו די וואָס זיינען אוועק אופי'ן עולם האמת, צו א רוהה פלאַץ, אָהן צרות און זאָרג. דארום זיינען מיר מצדיק הדין: "ה' נתן וה' לקח", לויט דעם רעיון, וואָרום קדיש איז אין לשון ארמית, קאָן מען אָפלערנען די נויטווענדיגקייט פאַר אַלע צייטען און דורות, אז אידען זאָלען פארשטעהן דעם קדיש, באגרייפען זיינע כונות און סודות, וואָס ס'איז די אויפגאבע פון דעם "ילקוט אליהו".

א וואונדערליכער, פאַנטאַסטישער ספור המעשה ווערט דערצעהלט אין ספר "אור זרוע", אין נאָמען פון ר' עקיבא, און אין "סדר אליהו-זוטא" (פרק י"ב) אין נאָמען פון ר' יוחנן בן זכאי. דער תנא איז געגאנגען אין וועג, האָט ער דערזעהן אַ פאַרזעהעניש, פון א מענשען ער איז געווען שווארץ ווי פעך, און ער האָט געטראָגען אַ שווערע משא, וואָס ס'וואָלט דארפען זיין צו שווער פאַר צעהן מענשען, און ער איז געלאָפען מיט דער שנעלקייט פון א פערד. די זאַך איז געוואָרן קשה צום תנא, האָט דער תנא גוזר געווען אויף דער פאַרזעהעניש,

ער זאָל זיך אָפּשטעלען, האָט די סטראַשידלא זיך גענומען בעטען ביים תנא ער זאָל איהם ניט פאַרהאַלטען, ווייל ער איז ניט קיין לעבעדיגער מענש; ער קומט אָפּ זיין עונש אין גהינם, וועט דער דאָרטיגער אויפזעהער איהם באַשטראָפען, ווען ער וועט זיך פאַרזאַמען, צו קומען מיט דער משא האָלץ, וואָס ער האָט געטראָגען. דאָך האָט דער תנא איהם ניט נאָכגעלאָזען, ביז ער וועט איהם ערקלערען וואָס דאָ קומט פאָר.

דער "בר מינן" האָט איהם דאַמאָלס דערצעהלט, אז ווען ער האָט גע־לעבט, איז ער געווען א מוכס, פלעגט ער זיין מילד צו די רייכע און שטרענג צו די אָרימע. דארום איז אויף׳ן "עלמא דקשוט" זיין עונש, ער זאָל אליין באַזאָרגען די האָלץ, מיט וועלכע ער ווערט צייטוויייליג פאַרברענט, און צוריק־געבראַכט צום עקזיסטענץ, ס׳זאָל זיך ווידערהאָלען דערזעלבער שטראָף. דער תנא האָט איהם געפרעג.ט צו עס קאָן ניט געפונען ווערן א מיטעל, ער זאָל ניצול ווערן מדינה של גהינם, מ׳זאָל קענען מתקן זיין די זינדיגע נשמה זיינע, ס׳זאָל זיך ענדיגען דער עונש, האָט דער טויטער איהם געענטפערט, איך האָב געהערט זאָגען, אז ווען איך וואָלט האָבען א זוהן, וואָס ענטפערט אויף א "ברכו" און זאָגט דעם "יתגדל ויתקדש", וואָלט ער מיר אויסגעלייזט פון עונש, אָבער איך ווייס ניט צו איך האָב א קדיש! ווען איך בין אוועק פון דער וועלט איז מייך ווייב געווען מעוברת, צו זי האָט געוואונען אַ זוהן, ווייס איך ניט, און ווען אפילו יאָ, ווער וועט מיינעם אַ אַ זוהן לערנען קדיש, האָט דער בר מינן געזיפצט.

דער תנא האָט ביי איהם גענומען זיין נאָמען, און דעם נאָמען פון דער שטאָדט פון וואַנען ער קומט, און איהם מבטיח געווען, אז ער וועט וועגען דעם חוקר ודורש זיין, און טרייען איהם ראַטעווען פון עונש. דער תנא איז געקומען אין יענער שטאָדט, וואָס האָט געהייסען "לידקא", ער האָט זיך נאָכגעפרעגט, צו עס איז דאָ אַ קינד פון דעם פאַרשטאָרבענעם מוכס, האָט מען איהם דערצעהלט, אַז ס׳איז דאָ יענעם׳ס א זוהן, נאָר ער איז דעם רשע׳ס אַ קינד, ער פיהרט זיך ווי זיין פאָטער, ער איז אַפילו אַן ערל. דער תנא האָט איהם אויפגעזוכט, און מיט פּוּעל מיה געפּועל׳ט ביי איהם, ער זאָל זיך מל זיין און ער האָט איהם אויסגעלערנט צו זאָגען קדיש און ענטפערען ברכו! דער מת האָט זיך באַוויזען צום תנא אין חלום, געדאַנקט וואָס ער האָט איהם מציל געווען מדינה של גהינם: ער ליידעט ניט מעהר דעם שרעקליכען עונש.

ס׳ווערט געבראַכט: "תנא דבי אליהו, כל השונה הלכות בכל יום, מובטח לו שהוא בן עולם הבא, שנאמר, הליכות עולם לו, אל תקרא הליכות אלא הלכות"— אין דער ישיבה פון אליהו האָט מען געלערנט: דער יעניגער וואָס לערנט יעדען טאָג דינים, פאַרדינט ער עולם הבא, ווי עס בעדייטעט דער פסוק: די "הליכות־עולם" (גאַנגען פון דער וועלט), צו איהם ווערט דער וואָרט "הליכות" פאַרביטען פאַר׳ן וואָרט "הלכות" (דינים), "עולם" מיינט דער תפילת קדיש, וואו עס ווערט דריי מאָל געזאָגט דער וואָרט: מיט׳ן לשון, "לעלם ולעלמי עלמיא", די אייביגע און אייביגע אייביגקייט, דאָס איז מרומז כנגד די דריי נצחים: די "ג־טליכע", דעם היה־הוה־ויהיה, נצחיות פון דער "תורה", — "שזאת התורה לא תהא מחולפת, ולא תהא תורה אחרת מאת הבית׳ש", און דער "עם עולם", דער נצח ישראל לא ישקר, דעם אייביגען אידען, וועט דער שנאת עולם ניט בייקומען. מיר האָפען אויף׳ן באחרית הימים פעריאָד, "הליכות", דער גאַנג, פראָגרעס, "עולם" פון דער וועלט, וואָס שטרעבט פאַר סאָציאַלע גערעכטיגקייטען, דער שטראַהל פון האָפענונג, דער ביקאָן, פון א לייכטענדער צוקונפט, א גאולה צו דער וועלט בכלל און אידען מיט זיי, ווייל אל תקרא "הליכות": א גאַנג אַ מרעפונג, א דעמאָק־ראַטישער סיסטעם אין איין לאַנד, היינט דאָ, מאָרגען דאָרט, די זיינען די

ציטוויילינגע ישועות, מיט וועלכע מען איז ניט זיכער: "חסד לאומים חטאת"— א פעלקערשער גנאַדען איז ניט זיכער, ס'פאַלט אַפּט אויס. נאָך דורות פון פּראַגרעס און ציוויליזאַציע, ערוואַכען ביייזע ווינטען, פינסטערע כמאַרעס פאַר־דונקלען דעם פריהערדיגען ליכטיגען האָריזאָנט, פאַרבייט מען אויף באַרבאַריזם, טיראַניי, אכזריות און רציחות. דאָס זיינען אָפט דער רעזולטאַט פון "הליכות עולם", דער סטיכישער פּראָצעס פון וועלט פּאָסירונגען. זאָלען מיר דאָס פאַר־בייטען מיט "הלכות עולם", אַנגענומענע, באַשטימטע געזעצען, וועט יושר וצדק וועט ווערן די פונדאַמענטאַלע האַרמאָנישע וועלט אָרדענונג וועט זיין די ישועה.

ס'איז דאָ אַ אַנגענומענע טראַדיציע, אז אין דעם יום המיתה זאָלען די יורשים, אַנהאַלטען יעדען יאָהר א טאָג לתורה ולתפילה, כאָטש קיין בפירוש'ער דין איז וועגען דעם ניטאָ, און אפילו דער נאָמען "יאָהר־צייט", איז אין דער פאָלקס־שפּראַך, איז מנהג ישראל תורה הוא, איבערהויפּט ווען עס ווערט עטהיש אַנגעהאַלטען מיט לערנען "משנה", וואָס איז דיזעלבע אותיות ווי "נשמה". עס ווערן געלערנט פּרקים וואָס פאַנגען זיך אָן מיט דיזעלבע אותיות, ווי דעם שם הנפטר און די (משנות ד', ה', ו', וז', אין מסכת מקואות, פּרק ז') וועלכע פאַנגען זיך אָן מיט די אותיות "נשמה". דאָרט זיינען דאָ דינים פון טהרה, איז דער אבל מיט'ן בבחינת "ותורה אור", דער שונה הלכות פאַר'ן נשמת אדם, אַ ריינע אויסגעלייטערטע נשמה. לויט דער אַנגענומענער מסורה זאָגט מען קדיש עלף חדשים, וויניגער א טאָג. דאָס איז לויט דעם מחז"ל, "משפט הרשעים בגיהנם י"ב חודש, צוועלף מאָנאַטען ווערן רשעים געאורטיילט אין גהינם, איז דער זאָגען קדיש בלויז עלף מאָנאַטען דער מליץ יושר, אז דער נפטר איז בבחינת זכאי, ער דאַרף ניט קיין פאַרטיידיגער צוועלף חדשים, ווייל דאָס וואָלט דאָך באַשטעטיגען אז ער איז ניט בבחינת זכאי, וועלכער ווערט נישט אזוי לאַנג געמשפּט, ממילא דאַרף ער דאָך ניט קיין סניגור, דארום דאַרף זיין דער עהרען געפיהל ביי די יורשים, ניט איינצושליסען זייער קרוב אין דער כת וואָס ווערן געמשפּט די גאַנצע צוועלף חדשים, און ס'איז נויטיג פאַר אזוי לאַנג דעם קדיש זאָגען.

יעדען יאָהר, אין דעם יום המיתה (יאָהר־צייט), ווען ער ווערט ריכטיג אָפּ־געהיט, איז דאָס אַ תיקון, אז די נשמה זאָל נתעלה ווערען צו העכערע מדרגות. צום באַדויערען האָט מען דעם עסטעטישען זכר פאַרפיהרט, מ'וויל אָפּקומען מיט'ן יאָהר־צייט לאָמפּ און אָפט מיט טרינקען בראַנפען. יוצא צו זיין מיט דעם אליין, איז ניט קיין כבוד פאַר'ן נפטר. מיט דעם איז מען ווי מרמז צו אַ בי־ליגען אידישקייט און דעם גשמיות'דיגען כיבוד. אין דעם טאָג דאַרף מען לזכר הנפטר אַנדייטען פאַר אַ זויבערער אידעשקייט, אויף די דריי עמודים פון תורה, עבודה וגמילות חסדים. אַ איד דאַרף זיך אַנשטרענגען צו געבען צדקה, מיט אַ מילדע האַנט, ער זאָל זעהן אָפּהיטען די אידישע אמונה בכל פּרטיה ודקדוקיה, וכנגד כולם ללמוד וללמד, שטיצען די מוסדות התורה, אליין לערנען, הערען לערנען, מיט די אַלע מעלות וואָס ווערן אַנגעגעבען אין זעקסטען פון פּרקי אבות, וואָס ווערט באַצייכענט מיט'ן נאָמען "קנין תורה". דאָרט ווערן אויס־גערעכענט אכט און פערציג מעלות, וואָס מאַכען תורה צו שטעהן אויף אַ העכ־ערע מדרגה פון "כהונה ומלכות".

דער וואָרט "משנה" מיינט לערנען. ער מיינט אויך, נאָך אמאָל ווידער־האָלען, נאָכפאָלגען, צום צווייטען מאָל, אזוי ווי מיר רופען דעם פינפטען ספר דברים "משנה תורה". מרע"ה האָט דאָרטען צום גרעסטען טייל איבערגעחזר'ט, מבאר געווען, דאָס וואָס ס'איז שוין פריהער געזאָגט געוואָרען; דער צווייטער פון אַ קעניג הייסט א משנה למלך, אזוי איז משנה אַ ווידערהאָלונג, ערקלערונג,

צו "תורה שבכתב", ניט קיין אָריגינעלער, א באזונדערער לימוד, נאָר אַ המשך, אַ פירוש, אַ ביאור אויף תורה. אזוי ווי די לעבעדיגע זיינען דער המשך פון די נפטרים, אין גייסטיגען זין, זיי זאָלען פאָלגען נאָך די פרינציפען, פון פריהערדיגע נשמות, די לעבעדיגע זיינען די ווידערהאָלונג פון די נפטרים. דאָס ווערט מרומז וואָס אין וואָרט "נשמה" זיינען דאָ דיזעלביגע אותיות ווי אין "משנה", לערנען און ווידערהאָלען.

נאָר דער מענש מיט זיין אינטעליגענץ, צו באדענקען און באַטראַכטען זיינע מעשים, קאָן זיין מיט א געוויסען מאָס א משנה צו גייסטליכע מעשים, אַ נשמה מעולם האצילות, כי בצלם אלה' עשה את האדם, ווען ער איז אין דער מדרגה איז שייך צו זאָגען וועגען איהם: רוח האדם העולה למעלה; ער איז באַשטראַהלט מיט אַ לויטערקייט פון די עולמות העליונים, ווען ניט איז מותר האדם מן הבהמה אין. דאָס זיינען הייליגע געדאַנקען, גייסטיגע פונקען, צו דענקען ווען עס קומען פאָר זכרונות פון די נפטרים, ווען מען ערפילט פונקציאָנען פון אבילות, קדיש, יאָהרצייט, אל מלא רחמים, יזכור, און געהן אויף קבר אבות, אז די לעבעדיגע זיינען א פאָרטזעצונג פון די עלטערן, משלים צו זיין דעם מורשת אבות, אין עניני דעת ודת.

## ילקוט אליהו, פרק ו'
## הויכע מדרגה און תיקון־הנשמה אין "קדיש"

ווי ס'איז שוין געוואָרן אָנגעוויזען פריהער, איז דער עצם פון קדיש, די דערקלערונג, די רמזים און כונות, אז דער נייער דור אנערקענט די עיקרים־שבעיקרים פון אונזער אמונה, וואָס מיינט "כל התורה כולה בכל פרטיהן ודקדוקיהן, כונותיה ותרי"ג מצות התלוים בה"—די גאנצע תורה מיט אלע איינצעלהייטען. דאָס צו באגרייפען, דאַרף מען אנערקענען, מודה זיין, ווי די חז"ל האָבען באשטימט: "לימוד גדול" — דער גרעסטער, דער ערשטער אין ראַנק פון אידישע פרינציפען איז לימוד תורה, ווייל דער לערנען ברענגט צום וויסען און פארשטעהן די פליכטען פון דער גאנצער אידישער אמונה. מ'קריגט דעם באַגריף פון די תרי"ג מצות, מיט אלע סיגים, גדרים, מנהגים, מידות־טובות, טראַדיציעס און דאָגמאָס. דארום איז דער קדיש אויך אַ מיטעל צו לימוד תורה, דורך'ן לערנען ווערט דער מענש באַזעעלט מיט'ן רוח האדם העולה למעלה, געלייטערט און אַ העכערער איבער די בהמ'שע אינסטינקטען. דעם מאָראַל דאַרפען פארשטעהן קדיש־זאָגער בכלל און אבלים בפרט, אז קדיש איז מתקן די נשמה פון אַוועקגעהענדען, און באהעפט דעם געבליבענעם דור מיט דער גייסטליכער ירושה. "הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו"—אונזערע ליבע און טייערע ווערן ניט דורך'ן שיינבאַרען טויט אָפּגעטיילט פון אונז, ס'בלייבען גייסטיגע פעדים, דער "השארת הנפש" האלט אונז פאראייניגט מיט'ן ערפילען השי"ת רצון.

ס'איז שוין אין דעם ספר געוואָרן אָנגעצייגט, דער אורשפרונג פון קדיש, וואָס ווערט אין תלמוד באצייכענט אלס דער "יהא שמיה רבא", אז מיר געפינען דעם אָריגינעל פון דעם פּזמון, נאָך ביי יעקב אבינו, ווען די שבטים האָבען אויסגערופען: "שמע ישראל — — — אחד", האָט יעקב אויף דעם עיקר היהדות

"שמע ישראל" אויסגעפיהרט: "יהא שמיה רבא מברך לעלמי עלמין". דערזועל־בער פרינציפּ ווערט ווידערהאָלט ביי מרע"ה, ווען ביי דער התגלות השכינה מתוך הסנה, ענטפערט ג־ט אויף משה'ס פראַגע: ווען די אידען וועלען מיר פרע־גען וואָס איז ג־ט'ס נאָמען, די עצם באַדייטונג פון א כול־יכול? דער ג־ט פון די אבות, "זה שמי לעולם וזה זכרי לדור דור". איך משה קום אין שליחות פון ג־ט'ס, דעם אונענדליכען גרויסען נאָמען פון אייביג, די עראינערונג פון דור דורות. אויך פאר זיין פטירה זאָגט מרע"ה, "כי שם ה' אקרא, הבו גודל לאה' — מען זאָל זאָגען א תפילה מיט ג־ט'ס גרויסקייט. אין תהילים (קי"ג) איז דאָ דריי מאָל וועגען ג־טס נאָמען "הללו את שם ה'", דעם פסוק ווי אין "ישר'מ", "יהי שם ה' מבורך מעתה ועד עולם", און "מהלל שם ה'". אין קדיש איז אויך דאָ דריי מאָל: "יתגדל ויתקדש שמיה רבא", "יהא שמיה רבא", און "שמיה דקודשא". יעקב, משה און דוד זיינען מרמז דעם קדיש.

די הויכע מדרגה פון קדיש ביי די חז"ל קען מען ארויסזעהן פון דין אין ברכות (כ"א) וועגען דער פראַגע צו מען מעג מפסיק זיין אין שמ"ע, פאר ברכו, אמן, קדושה, אז"וו איז דאָ א דעה: "אין מפסיקין חוץ מן יהא שמיה רבא מבורך, שאפילו עוסק במעשה מרכבה פוסק" — פאר קיינע תפילות זאָל מען ניט מפסיק זיין נאָר פאר'ן ישר"מ פון קדיש, זאָל מען יא. די תפילה וואָס איז בעצם בתורת מתנה, איז זי מסוגל מען זאָל מתקן זיין און מזכה זיין דעם נשמת המת. וועגען דער מצוה פון "כבד את אביך ואת אמך", זאָגט דער זוהר, אז עס איז ניט נאָר לגבי לעבעדיגע עלטערן, נאָר אויך צו די וואָס זיינען שוין אויף'ן עולם האמת. מען איז דאָס מקיים ווען מען פאָלגט נאָך זייערע מעשים טובים, זייערע גייסטיגע אוצרות פון אמונה. דאָס ווערט פראָקלאַמירט מיט'ן "על ישראל ועל רבנן" פון קדיש.

גאונים האָבען מתקן געווען, אז מען פארגעסט א עיקר תפילה, זאָל מען ממלא זיין מיט זאָגען א תפילה קצרה, וואָס ענטהאלט דעם תמצית פון דער פאר־געסענער. ס'איז דאָ א צוזאַמענשטעל פון פסוקים מחז"ל, מאמרים פון נגלה און נסתר, פאר די תפילות וואָס זיינען אויף הויכער הייליגער מעלה, ווי ברכו און קדושה, איבערהויפּט פאר פארשיידענע קדשים זיינען דאָ פזמונים מיט א עהנליכען אינהאלט. וועגען די גדלות פון קדיש, דעם ישר"מ, דעם אמן, דעם שמאַכטען פון אידען צו ג־ט, די "במקום קדיש", זיינען דאָ באַזונדערע, פאר'ן "חצי־קדיש", פאר "ברכו", פאר'ן "קדיש שלם" בעפאָר "עלינו", און דעם חצי־קדיש בעפאָר מנחה, און די וואָס זיינען במקום קדיש, איז דאָ דער תמצית פון "יתגדל ויתקדש יהא שמיה רבא מבורך לעלם ולעלמי עלמיא", און וועגען דעם כח פון אמן, ווי ער דרינגט אריין אין די עולמות העליונים.

אגב אורחא, וועל איך דאָ ברענגען א רעיון, וועגען א מאמר נפלא ונסתר על פי הקבלה, וואָס מ'זאָל זאָגען במקום ברכו של ערבית. דער נוסח פון דעם פזמון איז: "חיה אחת יש ברקיע, כשהוא יום, אות אמת במצחה, ויודעין המלאכים שהוא יום, ולערב אמונה במצחה ויודעין שהוא לילה, ובכל פעם אומרת ברכו את ה' המבורך וכל גדודי מעלה עונין, ברוך ה' המבורך לעולם ועד" . . .

איינפאַך צו פארטייטשען איז דאָס: א חיה איז פאַראַן אין הימעל, ווען ס'איז טאָג איז דער צייכען פון אמת אין איהר שטערן, ווייסען די מלאכים אז עס איז טאָג; אין אָווענט איז אמונה אויף איהר שטערן, ווייסט מען אז עס איז נאכט, און יעדען מאָל זאָגט זי ב"כו — — — — און די הימלישע רעגימענטען ענטפערן ברוך ה' — — —.

דער פאָלגענדער געדאנק קען זיך דאָ אריינפאסען: א לעבעדיגער גייסט, א טהעזיס איז דאָ אין קאָסמאָס פון דער וועלט, ווען ס'איז טאָג א שיטה, א פי־

לאזאפיע, וואָס איז קלאָר ווי דער טאָג, ווערט דאָס באַגריפען מיט׳ן מוח; דעם צייכען אויף׳ן שטערן פאר א אמת, מען איז ניט קיין סקעפּטיקער, און די גייס־טיגע חושים ווייסען, פארשטעהן דאָס קלאָר ווי דער טאָג: דאָס איז אַ פאר־שטענדליכער אמת. אָבער ווען אַ געדאַנק איז ווי דער אָוועגט טונקעל, פאר־באָרגען, איינגעהילט אין אַ מיסטיציזם, איז אמונה דער געדאַנק — מיר מוזען האָבען דעם גלויבען: "נסתרים דרכי ה׳, הקר אלה מי ימצא" — גאָט׳ס וועגען זיינען באַהאַלטען און פארבאָרגען. מ׳דאַרף זיין א מאמין און וויסען, אז אונ־זערע מוחות קענען דאָס ניט זעהן, ס׳איז צו אונז פינסטער, מיר טאָרען נישט פאָרשען. "אין דורשין במעשה מרכבה" — ווען אפילו מיר זעהן ניט מיט אונזערע בשר ודם חושים, דאַרפען מיר אויך זאָגען: "ברכו את ה׳", אזוי ענטפע־רען די דרי מעלה . . .

די אגדה זאָגט אין סוטה (מ"ט): "זינט דער בית המקדש איז חרוב גע־וואָרן איז ניטאָ אַ טאָג וואָס די קללה איז ניט גרעסער ווי אין דעם פאָריגען טאָג. ווי דען עקזיסטירען מיר? ענטפערט מען אויף קדושה דסידרא און אויף׳ן איש"ר פון אגדה; דעם "אישר" מיינט דעם זאָגען קדיש, ווי עס שוין דאָ פריהער ערקלערט אין דעם ספר. מיר ווילען איצטער באמערקען, אז אין דעם מחז"ל ווערט אויסדריקליך באַמערקט, אז דאָ מיינט מען דעם קדיש דרבנן, וואָס מ׳זאָגט נאָך׳ן לערנען און נאָך א דרשה, ווייל ווי ס׳ווערט געבראַכט אין תלמוד, ווען די צייט איז שלעכט, אידען ליידען פון רדיפות און נגישות, וואָלטען זיי געוואָרען אין גאַנצען פארצווייפעלט, נאָר די אגדה, די דרשות גיבען זיי מוט איבערצוטראָגען די צרות, זי טראָגט זיי אוועק, מיט די פליגלען פון פאַנטאַזיע צו זעהן בעסערע, רוהיגערע צייטען, ס׳גיט זיי בטחון און האָפנונג צו א גאולה וישועה. מען דאַרף אויך פארשטעהן, וואָס איז די פארבאָרגענע קראַפט אין דעם "קדושה־דסידרא", מיט וועלכי ס׳ווערט באצייכענט די תפילה וואָס מיר זאָגען אין אונזער נוסח התפילה "ובא לציון גואל ולשבי פשע ביעקב".

דער גאון ר׳ יעקב עמדין זאָגט אויף דעם: "אזוי ווי פון חורבן בית המקדש זיינען פארשלאָסען געוואָרען די שערי תפילה, ווי עס קלאָגט דער מקונן ׳גם כי אזעק ואשוע שתם תפילתי, איז דער ביטערער אויספיהר, ווען די תפילות ווערען ניט אָנגענומען, אז די אידישע קללות, רדיפות און צרות מעהרען זיך, עס בלייי־בען בלויז די האָפענונגען אויף׳ן גואל צדק, תשובה טהאָן, און ענטפערן אמן; תשובה און ענית אמן צורייסען דעם גזר דין, דאָס ווערט דאָ געבעטען ביים שלום, ווען די אלע תפילות ווערן ניט אָנגענומען, גיבען מיר אידען אונזערע ווינשע: "ובא לציון גואל", איז איין מיטעל אַז די תפילות זאָלען ווערן אָנגענומען. נאָך אַ מיטעל איז "ולשבי פשע ביעקב, נאם ה׳", אזוי געפינען מיר די ג־טליכע רייד, "שובה ישראל, האחפץ במות הרשע? כי אם בשובו מדרכו וחיה", אין דער זאמלונג תפילה מיט׳ן "קדיש"„ זיינען דאָ די עצות טובות, אז די קללות וואָס מעהרען זיך אויף דעם עם הנדרף, זאָלען פארביטען ווערן פאר ברכות. די תפילה האָט דעם נאָמען "קדושה־דסידרא", א הייליגער אָרדענונג. דאָרט ווערט מיט רזין־דרזין־רמזים געגעבען אַן אָפּשאַצונג וועגען די הייליגע תפילות קדושה און קדיש, דעם שטורעם וואָס זיי מאַכען ביי דער פמליא של מעלה, די מלאכים, שרפים, אופנים וחיות הקודש.

נאָך׳ן ערשטען פסוק מיט דער עצה טובה, אז די תפילות וועלען קומען פאר׳ן כסא הכבוד, ווען "ובא לציון גואל ולשבי פשע ביעקב" — — זאָגט דער צווייטער פסוק: "ואני זאת בריתי אותם אמר ה׳, רוחי אשר עליך, ודברי אשר שמתי בפיך, לא ימושו מפיך ומפי זרעך ומפי זרע זרעך אמר ה׳ מעתה ועד עולם" — דאָס איז די צייגעניש, דער בונד צווישען דער שכינה מיט׳ן מענשען,

אז דער רוח אלה', דער צלם אלה', זאָל זיין אויף'ן מענשען דער הימלישער גייסט, די תורה רייד, וואָס זיינען איבערגעגאנגען דורך מרע"ה מפי הגבורה צו די אידען, זאָלען ניט ווערן אוועקגענומען פון אונז, אונזערע קינדער און קינד'ס קינ־דער פון איצט ביז אייביג. דער פסוק רעדט וועגען די דריי נצחים, די ג־טהייט, די תורה און די אידען. דאָס איז דער חוט המשולש, ווען זיי זיינען בייזאמען, איינס ציהט די יניקה, איינס איז משפיע דאָס צווייטע, איז דאָס דער אייביגער עקזיסטירענדער בונד. די חז"ל זאָגען אויף'ן פסוק ביי מעשה בראשית: "ויהי ערב, ויהי בוקר יום השישי" — דער בריאת העולם איז צושטאנד געקומען, צוליב דער תורה, וואָס די אידען האָבען מקבל געווען אין יום השישי, זעקס טעג אין חודש סיון, גלייך דאמאָלס איז אויסגענומען געוואָרען דער תנאי מיט דער יצירה: "אם יקבלו ישראל את התורה מוטב, ואם לאו אחזור אתכם לתהו ובהו"—דער באַדינג איז געווען מיט דער וועלט שאפונג: וועלען די אידען נעמען די תורה וועט זיין גוט, אויב ניט וועט אַלעס חרוב ווערן. דאָס איז ניט נאָר א פאַנטאַס־טישער רעיון פארשלייערט אין סודות, נאָר ס'מיינט אין פשוטע דבורים, לאָ־גישע ווערטער, אז די וועלט קאָן בלויז עקזיסטירען, ווען מ'פיהרט זיך לויט דער תורה׳ געזעצליך, אָרדער, צדק ויושר, אָהן די תורה פרינציפען איז אַ כאַאָס, תהו ובהו, א פארוויסטע וועלט.

מיט אַ שמאכטענדע בייגקעניש זאָגען די אידען: "און דו קדוש!" דער באַ־זעסער פון אידישען לויב, צו דיר רופען די צבא השמים, איינער צום אַנדערען רופען און זאָגען: "קדוש, קדוש, קדוש", ג־ט דער הערשער, די וועלט איז פול מיט זיין כבוד: "ומקבלין דין מן דין ואמרין קדיש בשמי מרומא עלאה בית שכינתא, קדיש על ארעא עובד גבורתה: קדיש לעלם ולעלמי עלמיא" — ס'נעמען איבער איינער פון צווייטען, און זיי זאָגען קדיש די באוואָהנער פון עולם התחתון, נעמען איבער פון די דרי מעלה דעם קדיש זאָגען, אזוי ווי עס ווערט געזאָגט דער קדיש אין די הויכע דערהויבענע הימלען, א אויפגאַנג צו דער שכונה, אזוי ווערט ער געזאָגט ביי די ג־ט'ס דינער דעם קדיש פון אייביג און אייביגע אייביגקייט: דער הימלישער און ערדישער קדיש, קומען פון די זעלבע הייליגען קוואַלען, אזוי איז אויך דער טמיר ונעלם ביי "קדושה" אין אַלע צייטען: וואָך, שבת און יו"ט, ביי אַלע נוסחאות: "נקדש, נעריצך און כתר", שטראהלט דורך דער מעשה מרכבה סוד, בנוגע קדושת הקב"ה, זיינען אין הארמאָניע די דרי מעלה מיט די דרי מטה, צו לויבען, הערליכען און הייליגען גדולת הבורא, אונזער אמונה פון אחדות ונצחות: הקב"ה אוריתא וישראל חד הוא . . .

ווייטער אין דער תפילה קומען קבלה האלוצינאַציעס, מחזות, זעהונגען, התגלות, ענטפלעקונגען, די הערשענדע ג־טהייט, וואָס פילט אָן די וועלט מיט זיין טייערע לויטערקייט, דער רוח האָט מיר פארטראָגען, דערהויבען, דער גייסט האָט מיר באנומען, איך האָב געהערט דעם שטורעם, עס האָט מיר נאָכגעפאָלגט די אויפרעגונג, די גרויסע ציטערניש, דער רוישען, שאַלען יובילירען, זאָגען און לויבען די שכונה, דער מלכות שמים, די ג־טליכע הערשאפט פאר אייביג און אייביגע אייביגקייט. ס'פאָלגען נאָך פסוקים וועגען ג־ט פון די אבות, דעם אל רחום, דער מכפר עון, דעם טוב וסלח, צדק ואמת, ער וועט ניט צאָרענען אויף די אידישע קינדער; זיין געזעצליכקייט איז אן אייביגע, דויערהאפט, מיט'ן אמת פון דער תורה. מיר דאנקען דעם אַלמעכטיגען, וואָס האָט אונז באלאָדען מיט מצות, ווי דער אידיאַל פון "ר' חנניה בן עקשיה", אז די ג־טהייט האָט גע־וואָלט מזכה זיין די אידען, האָט ער זיי געשאָנקען א תורה און מצות; דער בורא עולם האָט אונז באַשאַפען פון זיין כבוד צו צייגען, ווי דער בן אדם קאָן זיך פארפאָלקאָמענען, אָפגעטיילט פון די בלאָנדזשערס מיט'ן אמת און מאור התורה,

מיט'ן בטחון אין דעם באשאפער, ווערט ארויסגעצייגט ג-ט'ס צדקות דורך גדולת התורה . . .

נאך דער "קדושא-דסידרא" תפילה, וואס ווערט אנגעדייטעט די מיטלען אראפצונעמען די קללות, ס'זאלען זיך עפענען די טויערען, דורך וועלכע אונזערע תפילות זאלען גרייכען צום כסא הכבוד, זאגען מיר דעם, וואס ווערט באצייכענט אלס "קדיש שלם", דער גאנצער, דער פאלקאמענער, וואו עס קומט אריין אויסער די שבחים ותשבחות אויך א הארציגע בקשה: מיר בעטען רבש"ע "תתקבל צלותהון ובעותהון דכל בית ישראל, קדם אבוהון די בשמיא" — פאטער אין הימעל פארנעהם דעם געבעט און פארלאנג פון אלע אידען.

א סמיכות הפרשיות איז די תפילה "עלינו", וואו ס'קומען אריין הויכע געדאנקען: מיר זיינען דאנקבאר, מיר שאצען הויך פאר'ן זיין א פאלק פון הכרת הבורא, באגרייפען אז ער איז דער מלך מלכי המלכים, צו איהם איז ניטא קיין גלייכעניש; אבער אידען זיינען ניט קיין שאוויניסטען, מיט א בארבארישען באגריף פון א הויכער ראסע. דער אידישער באצייכענען זיך אלס א עם-סגולה, א אתה-בחרתנו פאלק, איז ניט די פאלשע פילאזאפיע, אז מיר זיינען בארעכטיגט צו מעהר וואוילטאג ווי אנדערע, אז מיר זיינען א הארען פאלק, און די אנדערע אומות דארפען זיין אונזערע שקלאפען, וועלכע מיר זאלען אונטערדריקען און אונטעריאכען.

מיר באהויפטען אז מיר זיינען געוועזן די ערשטע צו באגרייפען הכרת הבורא, מיר זיינען ניט עגאאיסטיש, מיר האפען "על כן נקוה . . ." אז אלע פעלקער זאלען קומען צו דער מדרגה צו אנערקענען די פרינציפען "לתקן עולם במלכות שדי", אלע זאלען האבען די אמונה פון "שדי" — דער ווארט וואס באדייטעט געננוג. דער בריאת העולם איז געוועזן מיט דעם פרינציפ, פאר אלעס איז געווארן באשטימט א מאס, א גרעניץ, די ים'ן האבען זייער גבול, דער בורא האט זיי געגעבען די שליטה ביז א געוויסען פונקט, ווייטער טארען זיי ניט געהן צו פארפלייצען די יבשה; ליכט און פינסטערניש, קאלט און ווארעם, געזונט און לעבען, אלעס איז מיט א באשטימטען מאס, אזוי דארף אויך זיין דעם מענשען'ס גייסט, געפיהלען, פארלאנגען, געניסען, וואס מיט א מאס איז ווינשענסווערט, ניצליך און בארעכטיגט; צופיעל און איבערטריבען איז אומגעזונט, שלעכט און שעדליך.

מיר בעטען אויך: "שדי", ס'זאל שוין זיין געננוג, א ענדע צו די צרות פון אידישען פאלק בכלל, און יעדען יחיד באזונדער, ס'זאל זיין א וועלט פון טאלעראנץ, גלייכהייט און גערעכטיגקייט, א גאולה וישועה צום עם הנרדף, שוין גענוג פאר'ן עם הנודד צו זיין אין גלות, דער יחיד זאל מעהר ניט וויסען פון צער, ס'זאל זיין בלע המות לנצח. אויך דא ענדיגען מיר מיט'ן וואונש פון מלכות שמים און אנערקענונג פון אחדות הבורא. נאך דער תפילה קומט א "קדיש יתום", וואס איז אויף דער הויכער מדרגה, מיט דער ערקלערונג אז די לעבעדיגע נעמען אויף זיך נאכצופאלגען די אמונה, תורה ומעשים טובים פון די נפטרים. דאס איז דער תיקון הנשמה ת. נ. צ. ב. ה., ומחה ד' דמעה מעל כל פנים ונאמר אמן!

דער נאמען "קדיש" נעמט זיך פון צווייטען ווארט אין דער תפילה "ויתקדש". ער איז עמאציאנעל, ווען מיר זיינען אין אבילות. דאמאלס קומט צום אויסדרוק דער ווארט "ונחמתא", א גייסטליכע טרייסטונג צום יחיד'ס אבילות און צער האומה.



# ילקוט אליהו, פרק ז׳ — דער סגנון און נוסח פון „קדיש“

מיר האָבען איצט פינף סגנונים פאר קדשים, מיט וועלכע אונטערשיידען אין נוסח, לויט דער צייט און נאָכפאָלגונג פון געוויסע גאונים, ביי כתות, ווי אשכנזים, ספרדים, מתנגדים און חסידים מיט זייער רבי׳ס שיטות: א) א חצי-קדיש; ב) א קדיש-שלם; ג) א קדיש-יתום, אָדער א סתם; ד) א קדיש-דרבנן; ה) א סיום און קבורה קדיש. עס זיינען דאָ טיילען וואָס זיינען כוללים, דאָסזעלבע פאר די אַלע פינף מינים קדשים, און באזונדערע חלקים פאר יעדען סאָרט קדיש. א אונטערשייד אין נוסח זיינען דאָ פיער: א) נוסח אשכנז, אין וועלכען נאָך "וימליך מלכותה" — קומט "בחייכון וביומיכון", און ביי א קדיש שלם און סתם, קומט ניט אריין אין פערז, "יהא שלמא" דער וואָרט "טובים", און אין פערז "עשה שלום" דער וואָרט "ברחמיו", אָבער אין א רבנן, סיום וקבורה קדיש, איז אין די פערזען דער לשון "וחיים טובים עלינו" — און "הוא יעשה ברחמיו שלום"; ב) נוסח ספרד, וואו דער לשון איז: "וימליך מלכותה, ויצמח פורקנה, יקרב משיחה"; ג) דער נוסח מיט׳ן צולייג ויקרב (קץ) משיחה, אויך איז ניטאָ קיין באשטימטעס ווענען וואָרט "טובים" און "ברחמיו" אין די פערזען "יהא שלמא — און עשה שלום", צו זאָגען ווי די אשכנזים, אָדער ביי אלע קדשים נום זאָגען, אָדער קיין מאָל צו זאָגען, דעם שנוי הנוסח ביי אַלע, אום "ימים-הנוראים" צו דאָבלען "לעלא ולעלא מכל" אָדער "מן כל".

די פערנאנדערטיילונגען פון סגנון, און די באזונדערע נוסחאות, זיינען דאָ אין די סידורים, און אין ענדע פון דעם ספר (עמודים 54 ביז 70) קדיש בכלל מיט זיינע פרטים, לויט דעם מקור, און אין ענגלישע אותיות, און באַ-ייטונג איבערגעזעצט אין אידיש און ענגליש, מיט דעם פשוט׳ען ווערטער-ליכען מיינונג.

א. חצי-קדיש איז דער מעהר פּאָפּולערער נאָמען ביים פאָלק. אין ספרים ווערט ער אויך באצייכענט אלס זוטא, חסר אָדער קצר: ער ווערט געזאָגט פון א ש״ץ פון "יתגדל" ביז "דאמירן בעלמא ואמרו אמן", אזוי ווי אין א קדיש סתם, אָהן די לעצטע צוויי פערזען: "יהא שלמא" און "עושה שלום". ער ווערט גע-זאָגט בעפאָר "ברכו", די שמונה עשרה׳ס פון מוסף, מנחה, מעריב און נעילה, אויך בעפאָר סליחות, נאָך תחנון און קריאת התורה, און לויט מנהגים אין פאר-שיידענע מקומות, ווען מען זאָגט קינות און יום כפור קטן.

ב. "קדיש שלם", ווי קדיש סתם, מיט דעם פּזמון מעהר פון: "תתקבל צלותהון ובעותהון דכל בית ישראל קדם אבוהון די בשמיא ואמרו אמן". ער ווערט געזאָגט ביים ש״ץ בעפאָר "עלינו", ווען מען זאָגט ניט קיין קדיש דרבנן, אויך שבת בעפאָר קריאת התורה, בעפאָר לייענען "איכה" אום תשעה באב אין אָווענט.

ג. דער קדיש סתם, אָהן "תתקבל" פערז, ווערט געזאָגט ביי אבלים נאָך "מזמור שיר חנוכת", "עלינו", "לדוד אורי", שיר היחוד, שיר הכבוד, ספירה ציילען, תהילים זאָגען און נאָך׳ן לערנען מקרא אָדער הלכה.

ד. א "קדיש דרבנן" ווערט אויך געזאָגט ביי אבלים, לתקון נשמת המת, ווען א חלק פון תלמוד, א פּרק, משנה, אָדער נאָר א מאַמר חז״ל קומט אריין אין סדר התפילה, נאָך׳ן לערנען משנה, גמרא, אגדה, נאָך א דרשה, ווען א מחז״ל ווערט נאָר ציטירט. דער קדיש, לויט דער מסורה, שטעהט לפני ולפנים אין דער מחיצה, אלס א סגולה פאר עלית הנשמה, נאָר בתנאי אז דער זאָגער, האָט גע-

נומען א אנטהייל אין לערנען, הערן דעם לערנען, אָדער דרשה, ווען ער איז
א עוסק בתורה, מהזיק תלמידי חכמים, דער חברה לומדים און מוסדות התורה.
דאָס איז מרמז דער פסוק: "עץ היים היא למחזיקים בה, ותומכיה מאושר" — די
תורה איז דער לעבענס-בוים פאר די מחזיקים, און איהרע שטיצער זיינען גליק-
ליך. דאָ רעדט זיך ניט נאָר לגבי די לומדי תורה, נאָר אויך די מחזיקים
וסומכים, געניסען פון דעם עץ-היים, וואָס אוכל פורותיהם בעולם הזה, והקרן
קימת לעולם הבא, אזוי ווי עס ווערט אויסגעפיהרט אין יענער משנה: "ותלמוד
תורה כנגד כולם" לויט זיין הויכע מעלה, ווערט דאָ פאַררעכענט א קרוב פון
גייסט, א חבר פון דער חברה, אזוי נאָהנט, ווי א משפחה קרוב. דער זאָגען
קדיש לזכר הנפטרים, פון דער חברה שהלכו לעולמם, דערגרייכט דעם **תכלית.**

ה. "סיום וקבורה קדיש". דער קדיש איז וויניגער באקאנט ביי דעם
דורכשניטליכען אידען, ווייל ער ווערט נאָר געזאָגט אין אויסנאהם פאַלען: נאָך
ענדיגען א מסכת גמרא, א סדר משניות, עין יעקב, מדרש וכדומה, אויך אויף
בית-עלמין, נאָך א קבורה. די ביידע פאַלען שטאמען פון זעלבען קוואַל, פאר
הוילען דעם זעלבען סוד, מרמז צו איין מוסר השכל, גראַדע ווי אַ סיום הלימוד
מיינט דאָך ניט קיין סוף, געענדיגט און מעהר ניט דארפען לערנען, נאָר ווי עס
ווערט געזאָגט אין פרקי אבות (ב׳) "לא עליך המלאכה לגמור ולא אתה בן חורין
להבטל ממנה" — דיין אויפגאבע איז ניט צו ענדיגען, און דו ביסט נישט פריי
איהר אויפצוהערען. א סיום איז בלויז דער ארויפשטייגען צו א העכערע
מעלה. אין נאָמען פון ה׳, ווערט געבראכט אין אבות (ב׳) "מרבה תורה מרבה
חיים, מרבה ישיבה מרבה חכמה, מרבה עצה מרבה תבונה. יעדער סיום איז
א שטאַפּעל צו א העכערען גייסט פון לערנען און וויסען, אזוי איז אויך דער
פראָצעס ווען די נשמה פארלאָזט דעם חומר, און דער חלק אל ממעל קערט זיך
אום צום עולם האצילות, די אָפּשטאַמונג פון וואַנען זי איז גענומען געוואָרען
איז דאָ אַ עלית נשמה, א דערנענטערונג צו דער לייטערונג פון ריינקייט, הייי
ליגקייט, זי פערלאָזט דעם עולם הבכא, איהר אויפגאבע צו לייטערן, דאָס וואָס
זי האָט פוגם געווען, און פאר דעם דארף זי האָבען דעם קרעדיט, אז איהרע
יורשים האָבען דעם הייליגען ניצוץ. איינס נאָך איינס ווערן אין דעם קדיש
אָנגעדייט עיקרי היהדות, אַ גלויבען אין לעתיד-לבא, תחית-המתים, עולם-הבא
בנין ירושלים, בנין בית המקדש, אלילים כרות יכרתון, עבודת הבורא און מלכות
שמים, א צוקונפט פון א באנייטער וועלט, ווען די טויטע וועלען ווערן בא
הויכט מיט טל של תחיה, א אייביגע וועלט, מיט ג-ט׳ס וואָרט פון ירושלים, ז
פארפאַלקאָמטען בית המקדש, אויסגעריסען וועלען ווערן די געצען-דינסט, פאר
פיהרערישע פרעמדע אידעאלען, עס וועלען רעגירען די ג-טליכע מאָראַלען
מיט זייער פראכט.

אין דעם קדיש זיינען געווען פיעל נוסחאות, מיט קליינע ענדערונגען, או
מיט נאָך הלקים, ווי: "תתכלי חרבא וכפנא ומותא ומרעין בישין ועדי מננ
ומנכון ומעל כל עמיה ישראל ואמרו אמן" — ס׳זאָל זיך ענדיגען דער שווערד
הונגער, טויט און שענדליכע געשעהענישען זאָלען זיך אָפּטהאָן פון אונז או
אַלע אידען ענטפערט אמן! נאָך א פערז: "יהא שלמא רבא מן שמיא, חיין
ושובע וישועה ונחמה ושיזבא ורפואה וגאולה, סליחה וכפרה וריוח והצלה
לנו ולכל עמו ישראל ואמרו אמן!" — ס׳זאָל זיין דער גרויסער פרידען פון הי
מעל, לעבען זאטקייט, הילף, טרייסט, היילונג, אויסלייזונג, פארגעבונג, פאר
טראָגען, שטיצע און רעטונג צו אונז און דעם גאנצען אידישען פאָלק, זאָגט אמן

ביי די מערסטע אידען איז אָנגענומען געוואָרען דער נוסח וואָס מיר זאָ
גען. ער איז א טהיילווייז לויט ר׳ עמרם גאון און דעם רמב"ם. פאר׳ן רבב"ם׳

ייט פלעגען די תימנ׳ער, טריפּאָלער און אַנדערע נאָרד אַפריקאַנער, אויך אָר-
יענטאַלישע אידען, צולייגען צום קדיש די ווערטער: "ובחיי רבינו משה בן מימון,
בער נאָך׳ן רמב״ם׳ס פּטירה, איז דאָך פאַרשטענדליך, אז דאָס דאַרף ווערן אויס-
לאָזען. אין אַנדערע מקומות ווערט ביי דעם קדיש, סיי ביי אַ סיום הלימוד
ון סיי ביי א נפטר געזאָגט דער רבנן-קדיש טייל "על ישראל ועל רבנן", אָבער
ין אנדערע ערטער ווערט דער "על ישראל ועל רבנן" נאָר געזאָגט ביי א סיום,
בער נאָך א קבורה ענדיגט מען ווי דעם קדיש יתום. דאָס זיינען די פינף
דשים וואָס מען זאָגט ברוב תפוצות ישראל, מיט די שנוי נוסחאות אין די
עצטע דורות. עס זיינען אויך דאָ אין פיעל סידורים, צווישען די פּזמונים,
סוקים וואָס דאַרפען געזאָגט ווערן בלחש ביים קהל, ווי: "קבל ברחמים וברצון
ת תפלתנו", זאָגט מען בעפאָר תתקבל: "יהא שם ה׳ מבורך מעתה ועד עולם",
עפאָר "יהא שלמא" און "עזרי מעם ה׳ עושה שמים וארץ" בעפאָר "עושה שלום".

לויט פיעל גאונים איז קדיש די דערקלערונג צום הויכען צוועק פון מאור
יהדות והתורה, און מיט א ערקלערונג אליין קאָן מען דאָך ניט יוצא זיין, עס
וזען ווערן ערפילט די פליכטען. דאָס זיינען איינזיגע געדאַנקען פונקען אין
עם ג-טליכען באַלייכטונג. אין שו״ע או״ח (נ״ו, א׳) ווערט געזאָגט: "דער
בשאַצונג פון קדיש איז זעהר גרויס, דארום דאַרף מען איהם זאָגען שטעהענ-
יג. א סמך צו דעם איז דאָ אין ירושלמי, אויף׳ן פּסוק אין שופטים, ווען דער
ופט אהוד, האָט געזאָגט צו עגלון מלך מואב: "דבר אלה׳ לי אליך" — אַ ג-ט-
יכען וואָרט וויל איך דיר זאָגען, האָט ער זיך אויפגעשטעלט. ביי די חז״ל
ערט קדיש באַצייכענט מיט׳ן אָנווייזונג: דעם יהא שמיה רבא פון אגדה". זיין
דויסקייט איז וואָס ער ווערט געזאָגט אויף דער אגדה אָדער אנדערע לימודים.
יעלע גאונים האָבען געגעבען זייער מיינונג, אז דער זאָגען איז בלויז דער
יטעל, און דער עיקר איז וואָס מען איז מקבל מיט׳ן קדיש דעם עול מלכות
מים. דער גאון ר׳ יעקב דוד סלוצקער, דער מחבר פון לומדישען פירוש אויף
למוד ירושלמי, ווען איך האָב געהאט די זכיה צו קענען, ווען ער איז
עווען דער רב הכולל פון שיקאגאָ והסביבה, האָט אָנגעזאָגט אין זיין צואה צו
ינע זיהן, אז נאָר ווען זיי וועלען זאָלען לערנען זאָלען זיי זאָגען קדיש; טאָמער וועט
רעפען א טאָג, וואָס זיי וועלען פאַרפעהלען צום לערנען, זאָלען זיי יענעם טאָג
ט זאָגען נאָך איהם קדיש.

קדיש דאַרף ווערן געזאָגט מיט גרויס כבוד און יראת הרוממות. עס איז
ינשענסווערטה אז די זאָגער זאָלען קענען עברי, פאַרשטעהן דעם באַדייט און
י ווייט מעגליך מיט׳ן סקאַרבאָווען ניגון, ער זאָל זיך אָפּשטעלען, זאָגען לאַנג-
אם, ניט כאַפּען. מען איז ניט יוצא ווען מען לויפט אריין אין שוהל בלויז אָפּ-
ופטר׳ן דעם קדיש, און מען דאַווענט ניט, מען לעגט ניט קיין תפילין, מ׳טראָגט
ט קיין ציצית, מען הערט ניט דעם לערנען, אָדער תהילים זאָגען. אין אזעל-
ע פאַלען איז לא די, וואָס מען איז גאָר ניט מתקן, טוט מען נאָך עבירות,
׳איז ניט רעכט, ווען מ׳גיט א הסכמה צו דער אידישער אמונה און מען איז אַ
ורץ גדר, ווען איינער רופט אויס "איך שטים איין! איך בין מסכים!" און טוט
ט אזוי, איז דאָס ווי דער תלמודישער אויסדרוק "טובל ושרץ בידו", מ׳געהט
בילה זיך צו רייניגען, און מען האלט אין האַנט א שרץ, איז מען אויך מטמא
י מקוה, אזוי איז אויך נאַריש ווען מען זאָגט איך בין מסכים און מען ווייס
ישט אויף וואָס.

דער ציבור דאַרף בשעת קדיש זאָגען זיך האַלטען מיט רעספּעקט, בלייי-
ען אין דער פּאָזיציע וואָס מ׳איז, זיצענדיג אָדער שטעהענדיג, ווי מען איז גע-
ען בעפאָר מען האָט אָנגעפאַנגען זאָגען קדיש. מ׳זאָל זעהר פאָרזיכטיג זיין

צו ענטפערן אמן יש"ר, ניט צו פריה, בעפאַר דער זאָגער האָט געענדיגט דער חרוז, וואָס ס'הערט באצייכענט אלס א "אמן הטופה", א אויסגעכאַפּטער אמן און ניט פיעל שפּעטער ווי מען האָט געענדיגט דעם זאַץ, וואָס ווערט גערופען "א אמן יתומה", א עלענדער אמן. אין דיביידע וועגען איז מען פוגם צום כבוד של מעלה. ער דאַרף זיין צייטליך, ריטהמיש, ווי טענער דארפען ווערען באגלייט, מיט אָרדענונג און טאקט, דער זאָגער זאָל ניט כאַפּען אינאיינעם "בריך הוא לעלא", ווייל דאָס ווייזט אויס, ווי די ג-טליכקייט איז באגרעניצט ח"ו, נאָר לעלא... נאָר נאָך'ן "בריך הוא", זאָל מען עטוואָס אָפּוואַרטען און דאן אָנפאנגען דעם "לעלא" ווי א נייער זאַץ באהעפט צו די ווייטערדיגע "מן כל".

עס זיינען דאָ מקובלים וואָס זאָגען אז אין קדיש זיינען דאָ נאָר צעהן לשונות פון שבח: "יתגדל ויתקדש", און פון "יתברך" ביז "ויתהלל". דער צאָהל שבחים איז מרמז אז קדיש זאָל ווערן געזאָגט פאַר אן עדה פון צעהן, ווי דער פסוק אין תהילים: "אלהים נצב בעדת אל" — ג-טליכקייט דאַרף ווערן געזאָגט פאר אן עדה. דער ראב"ד ז"ל ברענגט: "וועגען קדיש איז ניטאָ קיין קלאָהרער דין. מען איז זיך סומך אויף דעם פסוק "ונקדשתי בתוך בני ישראל"— די ג-טהייט זאָל ווערן באשטראהלט מיט הייליגקייט, דאָס מיינט די הימנען פון "קדושה" און "קדיש", און א כלל איז דאָ ביי די חז"ל "כל דבר בקדושה לא יהא פחות מעשרה", עס מוז זיין א מנין צו זאָגען "קדיש".

לויט דעם אָנגענומענעם פינף מינים קדיש, איז דאָ די טראדיציע זיך צו בוקען פינף מאָהל ביי קדיש: א) ביי יתגדל; ב) ביי "יהא שמיה רבא"; ג) ביי "יתברך"; ד) ביי "בריך הוא" און ה) ביים לעצטען אמן. דערזעלבער טעם ווערט געגעבען וואָס ביים רוב קדשים זיינען דאָ פינף מאָל אמן, דער ערהאבענער סלאָגאן פון קדיש, דער אמן!

ווייל דער קדיש איז אויף אזא הויכע מדרגה, דאַרף ער זיין כולו קדוש, ווערן דורכגעפיהרט על פי דין ודת, און עס איז א יצא שכרו בהפסדו, ווען מען איז עובר א עבירה צוליב קדיש, אָדער אנדערע אבילות, ווי מיר זעהן פאלען בעה"ר דאָ אין לאנד, דורך אומוויסענהייט און פארפיהרעניש, אז דער אמונה סיגנאל ווערט דעמאָנסטרירט מיט חילול שבת לשם קדיש, אָדער דרך אגב מען פאָהרט צו דער ארבייט, ביזנעס אָדער אפילו פאר פלעזשור און אגב אורחא וואָס צו ג-ט (נאָך דער בור'עשער השגה) כאפּט מען זיך אריין אין א שוהל אָפּצופּטר'ען די געשטאָרבענע מיט א נחת רוח . . . מכבד (צו מבזה) זיין מיט א קדיש, מיט פאַנאַטיזמוס אָדער היפּאָקריטסטוואַ צינדט מען אָן דעם יאָהרצייט לאָמפּ אום יום טוב, וואָס איז לחלוטין אסור, ווייל מען מעג נאָר אָנצינדען פייער לצרכי אוכל נפש. ס'ווערט אויף דעם אופן פארביטען דער כבוד פאַר אַ בזיון המת, ניט קיין מצוה טהוט מען נאָר אן עבירה...

דערזעלבער מכשול איז אָפּט אין שולען, וועלכע האָבען איינגעשרומפּען אונזער תורה ועבודה, אונזערע ריינע זיטליכע פרינציפּען, ווערן נדחה פאַר עם-הארצישע אבילות פליכטען. עס קומען פאַר פאלען, וואָס דער ענין איז פארוואַנדעלט געוואָרען אין א בוכשטעבליכען "דורש-אל-המתים-קולט", וואָס דאָס מיינט ממש געצענדינסט, על פי דעת הפוסקים ראשונים ואחרונים. עס איז אויך מעהר הטא ווי מצוה, ווען דורך מאטעריעלע אינטערעסען, געוויסע פערזענליכע בענעפיטען, ווערט לימוד התורה נדחה, געשטערט דורך דעם אבילות התלהבות, אויף דעם קאָן מען זיך אויסדריקען מיט דער מליצה, די תורה וויקעלט זיך איין אין א זאק. זי קלאָגט ווי דער מקונן "כי קרא עלי מועד לשבור בחורי" —דורך א בראָך אבילות ווערט מען אראָפּגעפיהרט מדרך הישר, מען צוברעכט גרונד-זאצען, עיקרי התורה והיהדות . . .

איך האָף אז דער ספר וועט דינען ווי א סיגנאל צו עפענען די אויגען פון
יהרער און געפיהרטע, צו זעהן דעם ענין אבילות בכלל און קדיש זאָגען בפרט
ין זייער קלאָהרער ליכטיגקייט, הייל־שטראַהלען פאר׳ן רפאות הנפש און
פואת הגוף, ניט א נעפעלדיגען, אומפארשטענדליכען מיסטיציזם, נאָר א לוי־
ערען מאור התורה, וואָס איז בבחינת "האור כי טוב", ווי ישעיה זאָגט, "העם
הולכים בחושך ראו אור גדול" — דאָס פאָלק וואָס געהט אין דער שטאָק פינ־
ערניש, האָבען ערבליקט די גרויסע ליכט. ס׳איז דאָ א געדאנקענרייכער זאָ־
כין ביי די חז״ל, נר לאחד נר למאה — די ליכט וואָס באלייכט איינעם קאָן
אלייכטען הונדערט; מיט איין ליכט קאָן מען אָנצינדען הונדערטער, דארום
ערן פיעלע פון אונזערע מצות סימבאָליזירט דורך ליכט: שבת־ליכט, חנוכה־
יכט, א נר־תמיד, א הבדלה ליכט, נשמה־ליכט, חופה־ליכט, א ליכט ביים עובר
ין זיין מוטער׳ס בויך.

די צוזאמענגעבראכטע אויפגעקליבענע געדאנקען, בליצען פון די חז״ל,
דמונים און אחרונים, מיט די טולענדע פונקען פון אייגענע רעיונות, פון וועל־
כע עס איז די זאמלונג, וועט ארויסברענגען דעם עמוד האש, די מאורות
גדולים פון אידישע לומדים, חכמים וסופרים, צו באלייכטען די סודות ורמזים,
עם טמיר ונעלם, די רזין דרזין, אין קדיש, וועמעס אורשפרונג מיר געפינען
יי יעקב אבינו, משה רבינו, דורך אלע דורות, עד היום הזה. ער איז דער מי־
על ארײנצוברענגען דעם רוח החיים אין די עצמות היבושות, נשמות דאזלין
טלאין, זאָלען זעהן דעם דרך הישר.

דער מלקט האָט געטרייט צו געבען א נשמה צו דעם פזמון, דער ש״ץ,
בל און קהל זאָלען האָבען די אנטפלעקונג פון די הייליגע באדייטונג, מיס־
ישע כונות ורמזים, מיט וועלכע עס זאָל דערגרייכט ווערן דער צוועק אָנ־
והאלטען דעם מורשת־אבות, אין אלע ענינים וואָס האָבען א שייכות צו אונ־
ר ג־ט, תורה, אמונה און אלע עניני היהדות, אָהן דעם תכלית, ווען עס פעהלט
ר עיקר טוען מיר קאפויער, ווי דער ליכטיגער משל, וואָס דער תנא ר׳ מאיר
אָט געענטפערט אויף דער פראגע: וואָרום ער לערנט תורה פון זיין גע־
וזענעם רבי׳ן, אלישע בן אבויה, אויך נאָכדעם ווי ער איז ארויסגעגאנגען
תרבות רעה, מען רופט איהם איצט "אחר", א אַנדערער, א כופר, איז גע־
אָרען פון שטראַהלענדען שארפען למדן, ווי זיין נאָמען איז "מאיר", האָט דער
כטיגער תנא געענטפערט, מיט א משל: "איך האָב געפונען א מילגרוים
ן וועלכען איך ווארף אַוועק דעם שאָלעכץ און געניס פון דעם פרוכט. אין
עם ענין וואָס מיר באַהאַנדלען עסען פיעלע דעם שאָלעכץ און ווארפען אַוועק
פרוכט.

צום באדויערען זיינען דאָ געוויסע פערזאָנען, וואָס צוליב מאַטעריעלע
נטערעסען האָבען זיי פארפיהרט די נאאיווע אידישע מאַסען, זיי זאָגען צו
יהם: "אלה אלהיך ישראל", צו דעם זאָלסט זיך בוקען, אוועקגעבען דיין צירונג,
אָס דו האָסט ערהאלטען פון דירב. דער עולם־גולם פאָלגט לעת עתה נאָך . . .
ען ווייזט ניט דעם דורכשניטליכען אידען, מען גיט איהם ניט צו געניסען פון
וך, נאָר פון דער קליפה . . . פון וואָס מען האָט געמאכט א עמוד הימיני פון
הדות, די פיהרער־ פארפיהרער ווילען ניט זעהן, אז זייערע פארדינסטען זיינען
יטווייליגע, ווען זיי זעהן ניט דורכצופיהרען דעם פארפרעמדעטען דור, דעם
יק איבער דעם תהום, וואָס טיילט אָפּ די דורות, ווערט מקוים די קללה:
פן אבוא והכתי את הארץ חרם", דער טיפער אָפּגרונט צוטיילט, ברענגט צום
רבן היהדות.

עס ווערט ניט אויסגענוצט דער שעת הכושר, דער רייכער מאטעריאל וואָס דער סענטימענטאלער געפיהל פון טריישאפט, צווישען עלטערן און קינ דער, ברענגט פאר א ווײלע דעם יונגען דור נעהנטער צום מחנה ישראל. ווע און וואו מען האָט זיי געקאָנט געווינען פאַר אידעשקייט, זיי צובינדען, בא העפטען מיט א קשר של קימא, פאר אנזערע אידעאלען.

אויסער די אלגעמיין באוואוסטע קדשים, וועגען וועלכע מיר פארהאנדלע דאָ, וואָס זיינען אין א שפת בבל, געמישט לשון קודש און ארמית, איז אויך דאָ ז תפילה על טהרת לשון הקודש, וואָס מען זאָגט שבת ויום טוב בעפאָר קריאו התורה, בשעת הוצאת התורה, וועלכע איז כמעט מיט'ן זעלבען אינהאלט ווי דעו קדיש, נאָך די ערשטע צוויי ווערטער: "על הכל" קומען דיזעלבע אויסדריקו ווי אין קדיש: "יתגדל, ויתקדש, וישתבח, ויתפאר, ויתרומם, ויתנשא, שמו", וויי טער אויך "בעולמות שברא — — כרצונו", וכ'ו. דער עהנליכער אינהאלט אי אָבער אנדערש צוזאַמענגעשטעלט, פון די קדשים, אין וועלכע עס איז ניטז קיין שם הויה, קיינע פסוקים ציטאַטען פון תנ"ך. אין דעם "על הכל" פזמו זיינען דאָ שם הויה'ס, כנוים, מיט עטליכע פסוקים, ער ווערט געזאָגט קודו קריאת התורה, ווען קדשים ווערן מערסטענס געזאָגט: אחר התפילה, אח הלימוד, אחר פטירתו של אדם און אחר קריאת התורה, מיט זייער אונטער שיידען זיך, איז דורך ביידען דורכגעוועבט די גאָלדענע פעדים פון דער אנער קענונג, קדושה, פאר'ן בורא ומנהיג העולם.



# ילקוט אליהו — פרק ח׳ : דינים און מנהגים פאר אבילות.

## בר מצרא פון קדיש

וועגן אבילות בכלל, זיינען דאָ וועלכע דינים און פוסקים באגרינדעט אויף
לכות מדרבנן, די דברי סופרים, וואָס ווערן אָפּגעלערנט פון פסוקים און א זכר
ין דער תורה. אָבער וועגן קדשים און יאָהרצייטען, וואָס זיינען טראַדיציאָ־
ָלע פליכטען, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען פיעל שפּעטער אהר התימת
תלמוד, איבערהויפּט דעם יאָהר־צייט, וואָס אפילו דער נאָמען צייגט, אז עס איז
פראָדוקט פון גאונים, וואָס האָבען געלעבט אין אשכנז שוין נאָך דער מיטעל־
לטער עפּאָכע, זיינען וועגן דעם דאָ ניט קיין הלכה פסוקתא, נאָר מנהגים,
ראַדיציאָנעלע רעגעלען, וואָס זיינען ניט גלייך איבעראַל, און ביי דעם המון,
אָס האָבען דאָס אָנגענומען מיט א עקסטרעם ערענסטקייט, און פליכטזיניג,
מען ציימענווייז פאָר סכסוכים און מהלוקות. עס זיינען יאָ דאָ ביי פוסקים
חרונים כללים, לויט דעם מיינונג פון אָויטאָריטעטען, וועלכע איך וועל איבער־
נבען.

מהויבים צו אבילות, מדרגות און פרטים, וועגן פארפליכטענדע יאָהר־
יט האַלטער און קדיש־זאָגער, זיינען די פאָלגענדע פּערזאָנען:

א. זיהן זיינען אין דער ערשטער מדרגה לכל הדעות;

ב. טעכטער: וועגן זיי, זייערע פליכטען און פאָרציגע, זיינען דאָ פאר־
יידענע מיינונגען, זאָל מען זיך פיהרען לפי מנהג המקום;

ג. געוועזענע חברים אין לערנען און מעשים טובים;

ד. אבילות נאָך קרובים, אויסער נאָך עלטערן;

ה. געדונגענע קדשים, ווען עס זיינען ניטאָ קיין קינדער, אָדער אזעל־
ָ וואָס זאָגען ניט קדיש צוליב פארשיידנע טעמים. ביי דינגען אַ קדיש זאָל
ָן מקפּיד זיין, ער זאָל זיין אַ שומר הדת און האָבען א באגריף און אַן אָפּ־
אַצונג, וועגן תכלית, כונה, רעיונות און סגולה פון קדיש, מיט זיין גייסט־
כען פארנעהם.

אבילות פּעריאָדען זיינען לויט דעם אויסגערעכענטען סדר:

א. "אונן", בעפאָר דער קבורה, אין יענע טעג איז ניט קיין בר מצרא, ער
ול נאָר זאָגען קדיש אָדער זיין א ש״ץ, ווען עס זיינען ניטאָ קיין אנדערע אבלים,
בער אין פאַל ער איז אַן אבל פון בעפאָר, האָט ער די רעכטע, וואָס באַלאַנגען
איהם לויט דעם פריהערדיגען שטאנד. ביי דער קבורה, נאָך "צדק הדין",
ול מען אָפּטרעטען ד׳ אמות פון קבר, און זאָגען דעם באזונדערען נוסח פון
בורה קדיש. אויב מ׳ווייסט ניט דעם נוסח, איז מען יוצא מיט׳ן קדיש סתם.
ען אַ קבורה קומט פאָר ביינאכט, זאָגט מען ניט קיין קדיש. עס איז דאָ א
חלוקת הפוסקים צו מען זאָל זאָגען קדיש נאָך א "מאבד עצמו לדעת". (ניט אין
ַל ווען עס קומט פאָר דורך קידוש השם). אין אזאַ פאַל, זאָל מען מאַכען
שאלת חכם. אזוי דארף ווערן געטהאָן בנגוע א "מומר", מ׳דאַרף נעמען אין
באַטראכט ווי וויט מעגליך ניט צו פארשעהמען די משפחה, און עס זאָל
געזאָגט ווערן קדיש.

ווען א טויטענפאל איז א ספק, ער קומט דורך הערן וואָס עס איז ניט
ווים באַשטעטיגט, אזוי אז זיין פרוי בלייבט בהזקת אשת איש, זאָל מען ניט

זאָגען קיין קדיש, אָבער על כל פנים, זאָל מען לערנען און געבען צדקה לזכר דעם פּערזאָן. אז מען דערוויסט זיך וועגען אַ פּטירה שוין נאָך שלושים, איז יענער טאָג לגבי די דינים גערעכענט ווי ביי אַן אונן אין יום הקבורה, אָבער וועגען אַנדערע אבילות טערמינען, זאָל מען רעכענען ווי געוועהנליך נאָך יום-המיתה, ווי עס וועט ווערן געגעבען ווייטער.

ב. א "בן שבעה": די פאָלגענדע זיבען טעג נאָך דער פּטירה רעכענען זיך פון יום הקבורה (דאָ ווערן ניט געגעבען דיני אבילות בכלל) איז בנוגע קדיש מדחה אלע אַנדערע אבלים, סיי אין הויז פון אבל אָדער ווען עס איז שבת אָדער יו"ט, און ער געהט אין ביהכ"נ, אין די מקומות וואו מען איז זיך נוהג, אז בלויז איינער זאָגט קדיש.

ג. א "בן שלושים" רעכענט זיך אויך לויט דעם יום הקבורה. ער איז א בר-מצרא, געגען אַלע אבלים, אויסער א בן-שבעה.

ד. אבילות דאַרף זיין פּאר א פּעריאָד פון עלף מאָנאַטען גענוי, מיט איין טאָג וויינינגער, ווייל לויט דער קבלה איז פאר צוועלף חדשים דער גוף נאָך באַהעפט צו דער נשמה, וועלכע שוועבט פון עולם התחתון צום הימעל, און לייטערט זיך פון ערדישען איינפלוס. אין שבת (קנ"ב) ווערט געבראכט אז רשעים ווערן געמשפּט אין גהינם י"ב חודש און דער קדיש איז פאר'ן תיקון הנשמה, איהר ארויסצוברענגען פון גיהנם. צדיקים ווערן אַסך פריהער ניצול מדינה של גהינם, איז לאָגיש פאר יעדען ניט צו האַלטען זיין קרוב אין דער חזקה פון רשעים, מיט אויפהערען זאָגען קדיש וויינינגער ווי א טאָג ווי עלף חדשים. איז דאָס דער אָנצוהערעניש לכבוד הנפטר, אז ער שטעהט אין דער מדרגה פון צדיקים. אזוי קומט אוים ווען איינער שטארבט למשל ה' תשרי, זאָל מען אויפהערען זאָגען קדיש ד' אלול, וואָס דאָס מאכט אויס עלף חדשים. ווען אין פאַל יענער יאָהר זאָל זיין א עיבור, הערט מען אויף ד' אב. די דאטען רעכענט מען לויט דעם יום הקבורה, ווייל דער משפּט'ען פאַנגט זיך אָן פון נאָך דער קבורה. אין דעם טאָג וואָס מ'הערט אויף זאָגען קדיש, האָט דער אבל די פּריווילעגיעס, ווי אין א "יאָהר-צייט", וואָס ווערן דאָ געגעבען.

ה. דער "יאָהר-צייט" טאָג. וואָס דאַרף ווערן געהאַלטען יעדען יאָהר, וועגען דעם זאָגט דער אר"י הקדוש, אז עס העלפט די נשמה זאָל שטייגען פון מדרגה צו אַ העכערע מעלה. דער אָנדענקען רעספּעקט, איז א פליכט, וואָס ווערט אַנערקענט ביי פיעלע חכמי המוסר. מיר אידען האָבען טראַדיציאָנעלע נאציאָנאַלע יום הזכרון'ס, ווי ז' אדר פאר מרע"ה, אום שבועות נאָך דוד המלך, הלולא דר' שמעון בן יוחאי און פאר נאָך גאונים און גדולים. מיט דעם ווערט דעמאָנסטרירט דער מהז"ל "צדיקים במתתם קרואים חיים" — זייערע תורה, מידות טובות, שטאַרבט ניט. דער יאָהרצייט איז דער סיגנאַל אז זיי לעבען.

דער יאָהרצייט-טאָג איז לויט דעם מיינונג פון די מערסטע פוסקים, דאַרף ווערן גערעכענט לויט דעם יום המיתה, אין אַלע אומשטאַנדען. עס זיינען אויך דאָ וועלכע גאונים, וואָס גיבען אָן איינינגע פּרטים מכח דעם ענין. זיי זאָגען, אז ווען די קבורה איז פאַרגעקומען מיט דריי טעג שפּעטער ווי די פּטירה, זאָל מען דעם ערשטען יאָהרצייט האַלטען אין דעם יום הקבורה, און אין די שפּעטערדיגע יאָהרען אין דעם יום המיתה. זייער טעם זאָל זיין, אז דעם ערשטען יאָהר דאַרף ווערן אויסגעהאַלטען דער כלל ווי לגבי: שבעה, שלושים און דער עלף חדשים טערמין פון זאָגען קדיש, נאָך'ן מאַראַל, אז דער משפּט פאנגט זיך אָן נאָך דער קבורה. אָבער דער רוב גאונים האַלטען אז נאָך'ן יאָהר איז ניט שייך דער כלל, און דער יום המיתה דאַרף זיין דער יום הזכרון פאר'ן נפטר.

צייט-רעכענונג בכלל, אויך דער אידישער לוח, זיינען אָפּט קאָמפּליצירט. עס זיינען דאָ יוצאים מן הכלל, ניט א איינציגע פאָלקאָמענע גלייכהייט, צו דער חשבון איז לויט דעם זונען-גאנג אָדער אַ קידוש החודש, נאָך דער לבנה, בלייבען טעג, שטונדען, מינוטען און סעקונדען, וואָס מען קען ניט אריינרעכענען אין גלייכע דאַטען. מען נעהמט צוזאמען די ניט אריינגערעכענטע פון איינינע יאָהר, אויסצוגלייכען דעם זונען און לבנה "אַלמאַנאַך". ס'ווערט לויט דער וועלט'ס רעכענונג א קורצערער מאָנאַט פעברואר, בלויז פון אכט און צוואנציג טעג, איינמאָל אין פיער יאָהר ניין און צוואַנציג טעג. דער אידישער לוח האָט חדשים פון ניין און צוואַנציג און פון 30 טעג. דיזעלבע מאָנאַטען זיינען אין וועלכע יאָהרען מלא, דרייסיג, און אין אַנדערע יאָהרען חסר, ניין און צוואנציג טעג. מיר האָבען א שנה מעוברת, איין מאָל אין דריי אָדער צוויי יאָהר, דריי-צעהן חדשים, א ואדר חודש. די חשבונות אויסצוגלייכען די סיסטעמען, ווי וויית מעגליך, ברענגען אויך אריין א צומישטען חשבון, בנוגע יאָהר-צייט האַל-טען . . .

א. עס איז דאָ א פראָבלעם פון א אונרעגעלמעסיגקייט, ווען א פּטירה קומט פאָר אין דעם חודש אדר, פון א שנה פשוטה, דאָס מיינט א רעגולאַר יאָהר פון צוועלף מאָנאַטען, איז אין די וויטערדיגע יאָהרען אויך פשיטות דער יאָהרצייט טאָג, ווי געוועהנליך. אָבער אין די עיבור יאָהרען איז שוין א פראַגע צו באַשטימען, אין וועלכען אדר — א' אָדער ב' — זאָל מען האַלטען דעם יאָהר-צייט. ווערט געמאכט די פשרה, אז אין די עיבור יאָהרען זאָל מען פּראַ-ווען דעם יאָהרצייט צוויי מאָל, סיי אין אדר א', און סיי אין אדר ב', מיט'ן זעלבען חיוב און בר-מצרא, ווי אין א איין מאָל א יאָהר יאָהר-צייט.

ב. ווען אַ פּטירה קומט פאָר אין א אדר פון אַן עיבור יאָהר, זאָל מען אין די וויטערדיגע עיבור יאָהרען האָבען דעם יאָהרצייט אין יענעם אדר, וואָס די פּטירה איז געווען, און ניט אין אַנדערן. און פארשטענדליך אין שנים פשוטות אין דעם איינעם אדר ווי עס איז דאָ.

ג. די חדשים תשרי, שבט, ניסן, סיון און אב, זיינען אין אַלע יאָהרען צו דרייסיג טעג. די חדשים: טבת, ואדר, אייר, תמוז און אלול, זיינען אימער צו ניין און צוואַנציג טעג. אין זיי זיינען יאָהרצייטען גראדע ווי עס איז געווען דער יום המיתה. א פּראָבלעם איז פאר די חדשים חשון, כסלו און אדר א' פון דעם עיבור יאָהר. וועגען חשון און כסלו איז דאָ אַ חשבון, אָבער ער איז ניט רעגולאר. זיי זיינען אמאָל ניין און צוואנציג טעג און אמאָל דרייסיג טעג. זיי ווערן באצייכענט מיט "מלא" פאר די דרייסיג טעגיגע און "חסר" פאר די ניין און צוואַנציג טעגיגע. זיי בייטען זיך אמאָל אַ יאָהר, איבער א יאָהר און אמאָל איינינע חסר'ס און איינינע מלא'ס, ניט דוקא גלייך ביי חשון און כסלו. פאָר אדר איז דאָ א כלל, אז אין א צוועלף מאָנאַטען יאָהר איז ער ניין און צוואַנ-ציג טעג און אין אַן עיבור יאָהר איז ער דרייסיג טעג. אָבער עס איז ניט א סדר, ווייל דער עיבור יאָהר איז ניט מיט'ן זעלבען אויסגלייך, איז די שאלה, ווי זאָל מען זיך נוהג זיין, מיט די יאָהרצייטען פון די פּטירות אין א דרייסיגסטען טאָג ווען עס פאלט יאָ אויס יענעם יאָהר, אין די חדשים פון חשון, כסלו, אדר, אין די יאָהרען וואָס די חדשים האָבען נאָר ניין און צוואַנציג טעג?

די פוסקים האָבען פאר די פאַלען געמאכט די פאַלגענדע כללים: ווען דער פאָלגענדער יאָהר פון אַ פּטירה, אין דעם דרייסיגסטען חשון, אָדער כסלו, האָ-בען די חדשים ווידער צו דרייסיג טעג, זאָל מען יענעם יאָהרצייט, און די אלע וויטערדיגע יאָהרען, סיי ווען די חדשים זיינען "מלא" אָדער "חסר", האַלטען די יאָהר-צייטען אין דעם ערשטען טאָג ראש חודש, וואָס ווערט בארופען

אויף׳ן פאָלגענדען חודש, סיי ער פאלט אין דעם דרייסיגסטען פון אַוועקגעהענדען חודש, וואָס דאמאָלס איז דאָס געוויס ריכטיג, אָדער אפילו, ווען דער "ראש־חודש" איז שוין דער ערשטער פון קומענדען חודש, ווייל דער אַוועקגעהענדער מאָנאט איז געווען בלויז נײַן און צוואַנציג טעג איז דער יאָהרצייט א נדחה צום אנדערען חודש. אָבער ווען דער ערשטער יאָהרצייט פאַר אַ פטירה אין דרייסיגסטען חשון אָדער כסלו, קומט פאַר אין א יאָהר, וואָס די באטרעפענדע חדשים האָבען נאָר צו נײַן און צוואַנציג טעג (און אזוי קומט דאָס שטענדיגע פאַר בנוגע אדר א׳), זאָל יענער ערשטער יאָהרצייט און אזוי אין די ווייטערדיגע יאָהרען, ווען די מאָנאטען זיינען נאָר צו נײַן און צוואנציג טעג, די יאָהרצייט זיין אין דעם נײַן און צוואנציגסטען, און ווען זיי האָבען צו דרייסיג טעג, אום דרייסיגסטען.

"חנוכה" פאנגט זיך אָן כ״ה כסלו, און דויערט אכט טעג, קומט אויס צוליב דעם ניט שטענדיג גלייכען צאָהל טעג אין מאָנאט כסלו, אז ווען כסלו איז נײַן און צוואַנציג טעג, ענדיגט זיך חנוכה ג׳ טבת, אָבער ווען כסלו איז דרייסיג טעג, ענדיגט זיך חנוכה ב׳ טבת. דארום זאָל מען וועגען יאָהרצייט זיך ניט רעכענען מיט די חנוכה טעג, וואָס איז עלול מבלבל צו זיין דעם חשבון, נאָר רעכענען מיט.ן וועג, ווי דאָ איז געוואָרען אָנגעוויזען. מען דאַרף אויך ציהען די אויפמערקזאמקייט, אז מען זאָל זיך ניט פלאָנטערן מכח יאָהרצייט מיט די וועלט דאטען, וועלכעס עס שטימט ניט מיט דער דאטע, לויט ווי עס איז פאָר־געקומען דער טויטען פאַל. יאָהרצייט דארף מען רעכענען, לויט דעם אידישען צייט־רעכענונג, און עס קומט ניט אויס יעדען יאָהר גלייך מיט דער וועלט דאַ־טע פון טאָג, מאָנאט און אמאָל אפילו יאָהרען. ס׳קען אפילו פאָרקומען צוויי מאָל אין איין וועלט יאָהר, למשל, יאנואַר און דעצעמבער, און עס קאָן אויך ארויספאלען א אָנגעצייכענטער וועלט יאָהר, וואָס קען אריינקומען צוויי מאָל אין איין אידישען יאָהר, אָדער אין גאנצען ארויספאלען. עס זיינען דאָ אידען וואָס פארשטעהען דאָס ריכטיג אויסצורעכענען פאר פיעלע שפּעטערדיגע יאָה־רען, און אויסמאַרקען אַ טאַבעלע. זעהט דעם הונדערט־און־צוואַנציג יאָהריגען לוח אויף זייטען 78 ביז 97 אין דעם ספר, און מארקט אויס טאַבעלע אויף זייט 98.

## ילקוט אליהו — פרק ט׳ : פליכטען, דינים און טראַדיציעס וועגען אבילות

א. צו זאָגען קדיש עלף מאָנאטען, ווייניגער א טאָג, און יעדען יאָהר אין יאָהרצייט טאָג, לזכר נשמות הנפטרים;

ב. פאר דיזעלבע צייטען, צו זיין א שליח ציבור, דאווגען פאר׳ן עמוד, אָבער כדי די עבודה זאָל זיין כראוי, דארף מען זיך היטען, אז דער הייליגער חוב זאָל ווערן ערפילט על פי דין ודת, און בדרך כבוד, דהיינו, דער מתפלל זאָל זיין א שומר הדת, קאָנען עברי, דעם נוסח, סגנון און ניגון, בדרך כלל זיין א מרוצה לקהל, איבערהויפט זיך אויסהיטען פון סכסוכים, מחלוקות פאר׳ן עמוד, וואָס עס איז אַ חילול השם. אין די עלף חדשים פון אבילות פעריאָדע, איז ניט רעכט פאר אַ אבל צו זיין א ש״ץ אום שבת, יו״ט און יומא דפגרא, אויסער ווען ער איז דער אָפיציעלער חזן אָדער ש״ץ און ווען עס איז ניטאָ קיין אנדער ש״ץ. א יאָהרצייט מעג יאָ זיין דער מתפלל אין די טעג.

ג. אזוי ווי די דינים, וועגען חיוב און בר־מצרא צו קדיש, עובר לפני התבה, און נאָך אבילות כיבודים, זיינען אָפט ניט גאנץ קלאָהר, מען זאָל קאָנען געבען א הלכה פסוקה. עס זיינען דאָ חילוקי דעות, לאָקאַלע טראַדיציעס, און אייגענע געמאכטע איינפיהרונגען, וואָס זיינען אמאָל פארטייאיש, און עס איז גורם צייטענווייז צו מהלוקות, וועלכע עס איז מעהר בזיון, ווי כבוד פאר'ן נפטר בפרט און אידען בכלל, ווען עס קומט צו צאנקערייען אין א מקום־קדוש. דארום איז אַ גוטער מנהג די איצטיגע איינפיהרונג ברוב תפוצות ישראל מכח קדיש, אז אין מוקדם ומאוחר, ער ווערט געזאָגט ביי אלע אבלים. דער תיקון הנשמה שטעהט אויף דערזעלבער מדרגה, ווען די פליכט ווערט ערפילט ביי א רבים, מיט'ן דעמאָקראטישען פרינציפ: "חוקה אחת — — יהי לכם — —. אן אויסנאהם דארף זיין לאָגיש צו מאכען בנוגע דעם קדיש אחר הלימוד, וועלכער זאָל ווערן געזאָגט ביים באַשטימטען פון דער חברה, ווייל דער עיקר איז דאָך דער לערנען. איז דער מאָראל "מי שטרח בערב שבת, יאכל בשבת, ער דארף ווערן געזאָגט לזכר החברים הנפטרים.

דער מיטעל אויסצומיידען סכסוכים מיט'ן זאָגען קדיש ברבים, איז ניט אזוי ווירקזאם, ווען די פראַגע איז צו זיין דער ש"ץ, אָבער אויך דאָרטען קאָן די תפילות ווערן צוטיילט, איינער דאווענט ביז ברכו, א צווייטער ביז אשרי, ובא לציון, און דער דריטער ענדיגט. ווען דער ש"ץ איז ניט קיין מרוצה לקהל, זאָל ער זיך בעסער ניט שטופען צום עמוד. ס'איז א בזיון פאר דעם נפטר, ווען זיינע יורשים און קרובים האַנדלען ניט עטיש. עס זיינען דאָ אייגענע געמאכטע זאָגענאנטע תקנות אין וועלכע שולען, וואו די בכורה ווערט געגעבען צו א "תושב געגען אן אורח", א היימישען געגען א פרעמדען; א גאסט ווערט נדחה פאר א איינגעזעסענעם. דאָ קומען ארויס מיספארשטענדניסע אין מפרש זיין די תקנה. מען ערקלערט אז א תושב מיינט דער יעניגער, וואָס איז אָפיציעל א מיטגליד אין דער שול, א אורח מיינט ניט קיין מעמבער, כאָטש אָפטמאָל איז מאָראַליש דער ניט מעמבער מעהר בארעכטיגט ווי דער זאָגענאנטער תושב. ער קומט טעגליך אָדער אָפט אין שול, צום דאוונען און לערנען, ער איז אַ מתפלל קבוע, און דער אָפיציעלער מעמבער וואָס צאָהלט (און אמאָל ניט) דיוס איז אַ סיזאָן מעמבער, ער קומט צייטענווייז, ימה"נ, צו יזכור, יאָהרצייט, א דעה־אָגען, עלעקשאָן, און אפילו בנוגע "הכסף יענה", מאָני טאָקס, קאָסט דעם אורח מתפלל קבוע לפי ערכו, און אויך אמאָל בפירוש, מעהר ווי דעם סיזאָן איד. זויי־ע קלענערע, אָבער אָפטעביישטייערונגען, זיינען בבחנת "פרוטה לפרוטה מצרפת לחשבון גדול", וועלכער שטייגט אריבער יענעם'ס ספענדען פאַר כיבודים. צום באַדויערען איז דער פוסק האחרון אין די פראגען א נוגע בדבר, פארטייאיש, צוליב אייגענע אינטערעסען און בענעפיטען.

המכשלה הזאת ברענגט צו פאראיבעלם, מאָראַלישע עולות, וואָס פאר־טרייבען אָפט, יע גערעכט אָדער ניט, אידען פון די שולען, דורך אזעלכע מאַ־טיוען, טענדענצען און אינטערעסען, האָט זיך אין פיעל שולען אויסגעארבייט א אומגערעכטע דיסציפלין, וואָס האָט ניט קיין מקור אין יודענטהום, וואו דער שולחן ערוך, אלס ניט קיין מעמבער פון דער קאָנגרעגיישאָן, האָט ניט קיין דעה (אזוי האָט אמאָל ארגומענטירט א עס־הארצישער דעה־זאָגער צו א לומדישען אידען, וואָס האָט אין א געוויסע פראַגע געזאָגט אז מען דארף פאָלגען דעם ש"ע). עס זיינען געמאכט געוואָרען נייע דינים און טראַדיציעס, אז צו א יאָהרצייט באלאנגט דער עמוד און א פעטע עליה (דוקא מפטיר) נאָך דעם שבת בעפאָר יאָהר־צייט, ווען ניט איז הימעל עפען זיך, שומו שמים. ווען עס ווערט געטהאָן אָהן תרעומות און מחלוקות, איז "אם לא יועל לא יזיק", אָבער עס פאסירט, ווען דער יהסן איז ניט קיין מרוצה לקהל אָדער ניט קיין חד בדורו,

עס זיינען דאָ שבעה טובי העיר, ווען עס איז שווער צו מאכען די חלוקה מיט'ן עמוד און מפטיר, דאצו זיינען דאָ מקפידים צו האלטען יאָהרצייט נאָך קרובים און מחותנים ביז'ן צעהנטען דור, אלעס איז א תירוץ מספיק, צו קאָנען מקיים זיין דעם "אז ירננו כל עצי היער"...

ד. מען דאַרף ניט אויסען זיין קיין פניות, דער תכלית זאָל זיין, יראת שמים, אהבת התורה, אהבת המקום און אהבת הבריות, מצות ומעשים טובים, דער דרך הישר וועט מעהר מתקן זיין די נשמות.

ה. דער פליכט פון אבילות איז צו זאָגען "יזכור" פיער מאָל א יאָהר, נעמליך, יו"כ, שמע"צ, אחרון של פסח, און ב' דשבועות. ער ווערט געזאָגט יענע טעג אין די שולען נאָך קה"ת מיט'ן נוסח ווי ער איז געדרוקט (זעה זייטען 100 און 101.)

ו. הזכרה צו זאָגען אליין אָדער דורך א ש"ץ "אל מלא רחמים", בשעת דער לויה, אז מען געהט אויף קבר אבות, ביי א חופה פאר'ן חתן, א יתום, אָדער א כלה א יתומה'ם עלטערן, אין שול נאָך קה"ת, בעפאָר עס פאלט אויס דער יאָהרצייט און נאָך'ן זאָגען יזכור. מען מאכט ניט קיין אזכרה אום חודש ניסן, פרייטאָג נאָך א האלבען טאָג, ר"ח שבת מברכים, ארבע פרשות און אנדערע יומא דפגרא, אויסער ווען מען זאָגט יזכור. אזכרה זאָל ווערן געמאכט ניט דורך א הדיוט, וואָס ווייסט ניט מבחין צו זיין אין לשון זכר אָדער נקבה, יחיד אָדער רבים.

די צייטען וואָס מען טאָר ניט מאָכען קיין הזכרה, טאָר מען אויך נישט מספיד זיין, וועלכעס איז געוואָרען שטארק אָנגענומען דאָ אין לאנד, פון וועל-כעס מען ווייסט ניט אין די מקומות וואו אידעשקייט איז מעהר עטיש, מיט'ן גייסט פון מאור היהדות, און ווען הספדים בכלל, זיינען ניט לויט דעם אמת'ן אידישען גייסט .על אחת כמה וכמה, ווען זיי ווערן געמאכט אין טעג, וואָס עס איז אסור על פי דין, עס העלפען ניט די מסורת-מודעות און אויסריידען. ווען מען זאָל מלמד זכות זיין אויף די אבלים, אז זייער כונה איז צום גוטען, איז אָבער ניטאָ קיין תירוץ געגען די מאָכער וואָס ווייסען, אז עס איז ניט ריכטיג, נאָר הכסף יענה, מאָני טאָקס, דער דאָלאר מאכט זיי צום ריידען.

ז. אין די נוסחאות פון יזכור און אמ"ר ווערט געזאָגט "בעבור שנדר בעד הזכרת נשמתו", ווייל מען גיט צדקה אין אָנדענקען פון יענעמס נשמה, זאָל מען נישט זיין נאָר א נאה דורש, און ניט קיין נאה מקיים. מ'זאָגט צו און מ'האלט ניט קיין וואָרט.

ח. "ותלמוד תורה כנגד כולם" — דער תיקון הנשמות, דאַרף קומען דורך'ן קבלת התורה, נעמען אויף זיך צו לערנען, שעצען, שטיצען און הערען די תורה. דער "נר מצוה" באַשטראַהלט דעם "נר אלה" נשמת אדם, מיט מאָ-ראַלישע פרינציפען, וואָס ברענגען צו פרייהייט און גערעכטיגקייט, פאר'ן וואָהל-זיין פון דער גאנצער שאפונג.

●

ת ו ש ל ב "ע.

שמה רבא

אמן יהא

PAMPHLET TO

YALKUT

פאמפלעט, אל

ילקוט

ELIJAH; ON

אליהו; על

HAKADDISH:

הקדיש:

LUACH FOR 120 YEARS

TO COMPARE,

HEBREW & CIVIL DATES.

לוח עבור ק"ך שנים:

לערוך המנין,

מבה"ע עם ספה"נ,

נר מצוה ותורה אור

נר אלהים נשמת אדם:

YISKOR,

יזכור,

IN MEMORY:

הזכרה:

COMPILED BY

A.A. RIBACK.

נסדר ע"י

א. א. ריבאק.

כבד את אביך ואת אמך:

# קַדִּישׁ קְבוּרָה וְסִיּוּם



קַדִּישׁ קְבוּרָה וְסִיּוּם:

## יִתְגַּדַּל

וְיִתְקַדַּשׁ
שְׁמֵהּ רַבָּא,
בְּעָלְמָא דִּי
הוּא עָתִיד,
לְאִתְחַדְתָּא
וּלְאַחֲיָאָה
מֵתַיָּא
וּלְאַסָּקָא
יָתְהוֹן
לְחַיֵּי עָלְמָא,
וּלְמִבְנֵי קַרְתָּא
דִּי יְרוּשְׁלֵם,
וּלְשַׁכְלֵל
הֵיכְלֵהּ
בְּגַוַּהּ,
וּלְמֶעְקַר
פָּלְחָנָא

## ס׳זאל ווערן געגרויסט

און געהייליגט
זיין גרויסער נאמען,
אין דער וועלט, וואס
ער איז גרעהט,
צו בעניייען און צו
מאכען לעבעדיג
די טוידטע, און
צו דערהייבען
זיי צו דעם לעבען
פון דער אייביגקייט,
און אויפצובויען די
שטאדט יְרוּשָׁלַיִם,
און צו פערפאלקאמען
זיין פאלאטע
דארט, און ער
זאל אויסדרייסען
דעם דיענסט פון



# BURIAL AND SIOM KADDISH

THE BURIAL AND SIOM KADDISH:

| YISGADAL | MAGNIFIED AND |
| --- | --- |
| VE'YISKADASH | SANCTIFIED, BE HIS |
| SH'MAY RABBO, | GREAT NAME, IN THE |
| BE'OLMO DEE | WORLD, WHICH IS TO BE |
| HOO OSSID, | RECREATED: |
| LEISCHADOTO | WHEN THE DEAD |
| ULACHYOOH | WILL BE |
| MEASAYO, | RESURRECTED, |
| ULASOKOO | AND ELEVATED |
| YOSHOEN | UNTO MORTAL, |
| LECHAYE OLMO, | LIFE OF ETERNAL: |
| ULMIVNE KARTO | HE WILL REBUILD THE CITY |
| DEE YERUSHLAIM, | OF JERUSALEM, |
| ULSHACHLOL | AND ESTABLISH HIS |
| HACHOLO | TEMPLE IN THE |
| BAGAVEY, | MIDST THEREOF, AND |
| ULMEAKAR | HE WILL UPROOT |
| POLCHONO | THE WORSHIPING, OF |

# הֶמְשֵׁךְ לְקַדִּישׁ קְבוּרָה וְסִיּוּם

הֶמְשֵׁךְ לְקַדִּישׁ קְבוּרָה וְסִיּוּם

נֻכְרָאָה — פרעמדע געטער
מֵאַרְעָא, — פון דער וועלט,
וּלְאַתָבָא — און אויפשטעלן
פָּלְחָנָא — דעם דיענסט פון
דִי שְׁמַיָּא — די הימלען
לְאַתְרֵהּ, — צו זייער ארט:
וְיַמְלִיךְ — און ס'זאל קיניגען
קֻדְשָׁא, — דער הייליגער,
בְּרִיךְ הוּא — געבענטשט איז ער,
בְּמַלְכוּתֵהּ — אין זיין קעניגרייך
וִיקָרֵהּ: — מיט זיין פראכט:

דעם קַדִּישׁ פאנגט מען ווידער אן ווייטער,
פון; „בְּחַיֵּיכוֹן" אויף דייט (ד.);

אויף זייט (ה-5) פאנגט זיך אן דער
קַדִּישׁ; יָתוֹם, שָׁלֵם, חָצִי און רַבָּנָן:

# CONTINUATION TO BURIAL & SIOM KADDISH

| | |
|---|---|
| NUCHROO | ALL ALIEN GOODS |
| MEYARO, | FROM THE WORLD |
| ULASOVO | AND RESTORE |
| PULCHONO | THE WORSHIP |
| DEE SHMAYO | OF HEAVEN |
| LEASREY, | TO ITS PLACE; |
| VE'YAMLICH | HE SHALL RULE |
| KUDSHO | THE HOLY ONE, |
| BERICH HOO, | BLESSED BE HE IN |
| BEMALCHUSEY | HIS SOVEREIGNTY |
| VIKOREY: | AND HIS GLORY: |

KONTINUATION TO BURIAL AND SIOM KADDISH

THIS KADDISH BEGINS AGAIN FROM „BECHAYECHOWN" ON PAGE (8-ח,
BEGIN ON NEXT PAGE, 1-6) FOR THE
MOURNERS, COMPLETE, HALF, & RABBONON KADDISH

# קַדִּישׁ יָתוֹם, שָׁלֵם, חֲצִי וְדְרַבָּנָן:

| יִתְגַּדַּל | ס'זאל ווערען געגרויסט |
|---|---|
| וְיִתְקַדַּשׁ | און געהייליגט |
| שְׁמֵהּ רַבָּא, | דיין גרויסער נאמען; |
| בְּעָלְמָא דִּי | אין דער וועלט, וואס ער |
| בְרָא, | האט בעשאפען, |
| כִּרְעוּתֵהּ, | לויט זיין ווילען, |
| וְיַמְלִיךְ | און ער זאל רעגירען |
| מַלְכוּתֵהּ: | זיין קעניגרייך: |

קדיש יתום שלם חצי ודרבנן

לויט דעם „נוסח ספרד,“ זאגט מען אויך:

| וְיַצְמַח | און ער זאל מאכען |
|---|---|
| פּוּרְקָנֵהּ, | צום שפראצען זיין |
| וִיקָרֵב | הילף, און דערנענטערען |
| (נ"א) -קֵץ- | (ס'איז דא אויך א נוסח) דיעג |
| מְשִׁיחֵהּ: | דעם קומען פון משיח: |

נוסח ספרד

דער ווייטערדיגער טהייל ווערט
געזאגט ביי אלע קַדִּישִׁים (זייט ד)

# KADDISH, MOURNERS, ALL, HALF & RABBONON

MOURNERS, ALL, HALF & RABBONON

| YISGADAL | MAGNIFIED |
| --- | --- |
| VE'YISKADASH | AND SANCTIFIED BE |
| SHMAY-RABBO, | HIS GREAT NAME, IN |
| BEOLMO-DEE | THE WORLD WHICH |
| BRO, | HE HATH CREATED, |
| CHIROUSEY, | ACCORDING TO HIS WILL, |
| VE'YAMLICH | MAY HE ESTABLISH |
| MALCHOOSEY: | HIS KINGDOM; |

THE SEFARD TEXT ADDS;

SEFARD TEXT

| | |
| --- | --- |
| VE'YAZMACH | HE SHALL MAKE SPROUT |
| PURKONEY, | HIS SALVATION, |
| VIKOREAV | AND TO BRING CLOSER |
| (SOME TEXT) KEAZ | (SOME ADD) THE END |
| MEYSHICHEY: | OF HIS MESSIAH: |

THE FOLLOWING PART ON THE NEXT PAGE (ת-8) IS FOR ALL THE ~~VARIOUS~~ "KADDISH"

# נוסח פְּלָלִי לְכָל הַקְּדוֹשִׁים

נֹסַח פְּלָלִי — לְכָל הַנֶּהֱרָגִים

×××××××

| | |
|---|---|
| בְּחַיֵּיכוֹן | אין אייער לעבנסלויף |
| וּבְיוֹמֵיכוֹן | און אין אייערע טעג |
| וּבְחַיֵּי דְכָל | און אין לעבן פֿון |
| בֵּית יִשְׂרָאֵל | אידישן הויזגעזינד |
| בַּעֲגָלָא | ס'זאָל געשעהן אין גיכן |
| וּבִזְמַן קָרִיב | און אין אַנאָהנטער צייט |
| וְאִמְרוּ, אָמֵן! | און זאָגט אַלע, אָמן! |

ש"צ וקהל אומרים — אַלע זאָגן דעם פּערז

| | |
|---|---|
| אָמֵן! יְהֵא | אָמן! ס'זאָל ווערן זיין |
| שְׁמֵהּ רַבָּא! | גרויסער נאָמען |
| מְבָרַךְ לְעָלַם! | געבענטשט פֿאַר אייביג |
| וּלְעָלְמֵי עָלְמַיָּא! | און אייביגע אייביגקייט |

| | |
|---|---|
| יִתְבָּרַךְ, | ער זאָל ווערן געבענטשט, |
| וְיִשְׁתַּבַּח, | און געלויבט, |
| וְיִתְפָּאַר, | און געריהמט, |
| וְיִתְרוֹמַם, | און געהויבן, |
| וְיִתְנַשֵּׂא, | און געשטיגן, |

# TEXT FOR ALL THE KADDASHIM

TEXT FOR ALL THE KADDASHIM

| | |
|---|---|
| BECHAYECHOWN | DURING YOUR LIFE AND |
| UV'YOMECHOWN | DURING YOUR DAYS, AND |
| UV'CHAYEY-DECHOL | DURING THE LIFE OF ALL THE |
| BAIS YISROALE | HOUSE OF ISRAEL, |
| BAAGOLO | EVEN SPEEDILY |
| UVISMAN KOREEV | AND AT A NEAR TIME, |
| VE'IMROO OMAINE! | AND SAY YE AMEN! |

READER AND CONGREGATION SAY;

| | |
|---|---|
| OMAIN! YEHEY! | AMEN! LET HIS |
| SHMEY-RABBO! | GREAT NAME, BE |
| ME'VORACH LEOLAM | BLESSED FOR EVER AND |
| UL'OLMEY OLMAYOH | TO ALL ETERNITY! |

| | |
|---|---|
| YISBORACH | BLESSED, |
| VE'YISHTABACH | AND PRAISED |
| VE'YISPOAR | AND GLORIFIED, |
| VE'YISROMAM | AND EXALTED |
| VE'YISNASEY | AND EXTOLLED |

# נֻסַּח כְּלָלִי לְכָל הַקַּדִּישִׁים

| | | |
|---|---|---|
| וְיִתְהַדַּר, | [illegible] | און געשעהנט |
| וְיִתְעַלֶּה, | | און גיעבערט |
| וְיִתְהַלָּל, | | און געלויבט: דיין |
| שְׁמֵהּ דְּקֻדְשָׁא | | נאמען, וואס איז הייליג, |
| בְּרִיךְ הוּא; | | געבענטשט איז ער: |
| לְעֵלָּא, | | צו א דערהייבענקייט, |

אין עשי״ת זאגט מען נאך א מאל:

| | | |
|---|---|---|
| (וּלְעֵלָּא) | [illegible] | און צו דערהייבענקייט: |
| מִן כָּל בִּרְכָתָא | | פון אלע בענטשונגען |
| וְשִׁירָתָא, | | און געזאנגען, |
| תֻּשְׁבְּחָתָא | | די לויבונגען |
| וְנֶחֱמָתָא, | | און טרייסטונגען, |
| דַּאֲמִירָן | | וואס סווערט געזאגט |
| בְּעָלְמָא, | | אויף דער וועלט, |
| וְאִמְרוּ אָמֵן! | | און זאגט, אמן! |

דא ענדיגט זיך דער „חֲצִי קַדִּישׁ“

אויף דער פאלגענדער זייט (י״א) קומט דער בעזונדערער פערז פארן „קדיש שלם“:

# TEXT FOR ALL THE KADDASHIM

TEXT FOR ALL THE KADDASHIM

| | |
|---|---|
| VE'YISHADOR | AND HONORED, |
| VE'YISALLAY | AND MAGNIFIED |
| VE'YISALLOL | AND LAUDED, BE THE |
| SHMEY DEKOODSHO | NAME OF THE HOLY ONE, |
| BERICH-HOO | BLESSED BE HE, THOUGH |
| LEEYLO | HE BE HIGH ABOVE, |

IN THE 10 DAYS OF PENITENCE SAY AGAIN

| | |
|---|---|
| (ULEEYLO) | (AND HIGH ABOVE,) |
| MIN KOL BIRCHOSO | FROM ALL THE BLESSINGS |
| VE'SHEEROSO, | AND HYMNS, |
| TOOSHBECHOSO | PRAISES AND |
| VE'NECHEMOSO, | CONSOLATIONS, |
| DA'AMEERON | WHICH ARE UTTERED, |
| BE'OLMO, | IN THE WORLD: |
| VE'IMROO OMAINE | AND SAY YE AMEN! |

HERE ENDS THE „HALF KADDISH"

NEXT COME A PARAGRAPH FOR THE „COMPLETE KADDISH" ONLY:

# הַמְשֵׁךְ לְקַדִּישׁ שָׁלֵם;

תִּתְקַבַּל
צְלוֹתְהוֹן
וּבָעוּתְהוֹן
דְּכָל בֵּית
יִשְׂרָאֵל
קֳדָם אֲבוּהוֹן
דִּי בִשְׁמַיָּא
וְאִמְרוּ אָמֵן

דו זאלסט פערנעמען
דייער געבעט און דעם
פערלאנג, פון דעם
גאנצען הויזגעזינד
פון די אידען ;
בעפאר זייער פאטער,
וואס איז אין הימעל,
און זאגט אָמֵן !

## טהייל פאר׳ן דַּבָּנָן און סִיּוּם קַדִּישׁ

עַל יִשְׂרָאֵל וְעַל
רַבָּנָן וְעַל
תַּלְמִידֵיהוֹן, וְעַל
כָּל תַּלְמִידֵי
תַלְמִידֵיהוֹן, וְעַל
כָּל מַאן דְּעָסְקִין
בְּאוֹרַיְתָא, דִּי
בְּאַתְרָא הָדֵין,
וְדִי בְכָל אֲתַר

אויף די אידען און אויף
די רבנים און אויף זייערע
תלמידים, און אויף
אלע זייערע תלמידים׳ס
תלמידים: און אויף די
אלע וואס באשעפטיגען
זיך מיט תורה, די פון
דעם ארט, און די
פון איבעראל :

# CONTINUATION FOR THE COMPLETE KADDISH

FOR THE COMPLETE KADDISH

| | |
|---|---|
| TISKABEYL | MAYBE ACCEPTED |
| ZLOUSHOUN | THE PRAYERS |
| UVOUSHOUN | AND SUPPLICATIONS |
| DECHOL BAIS | OF ALL CHILDREN |
| YISROALE | OF ISRAEL, |
| KODOM AVUOUN | BY THEIR FATHER |
| DEE-VISHMAYO | WHO IS IN HEAVEN; |
| VE'IMROO OMAINE | AND SAY YE, AMEN ! |

## PART FOR THE RABBONON AND SIOM KADDISH

FOR THE RABBONON AND SIOM KADDISH

| | |
|---|---|
| AL YISROEIL V'AL | UNTO ISRAEL AND UNTO THE |
| RABONON V'AL | RABBIS AND UNTO THEIR |
| TALMIDEIHON V'AL | DISCIPLES AND UNTO ALL THE |
| KOL TALMIDEI | DISCIPLES OF THEIR |
| SALMIDEIHON V'AL | DISCIPLES AND UNTO ALL |
| KOL MON DI OSKIN | WHO ENGAGE IN THE STUDY |
| B'OIRAISO DI | OF THE LAW, WHO ARE IN |
| B'ASRO HODEIN | THIS PLACE OR WHO |
| V'DI B'CHOL ASAR | ARE IN ANY OTHER |

# הַמְשֵׁךְ לְקַדִּישׁ דְּרַבָּנָן וְסִיּוּם;

וַאֲמַר, יְהֵא לְהוֹן
וּלְכוֹן, שְׁלָמָא
רַבָּא, חִנָּא
וְחִסְדָּא וְרַחֲמִין
וְחַיִּין אֲרִיכִין,
וּמְזוֹנָא רְוִיחֵי,
וּפִרְקָנָא, מִן קֳדָם
אֲבוּהוֹן דְּבִשְׁמַיָּא
וְאַרְעָא,
וְאִמְרוּ אָמֵן!

הַמְשֵׁךְ לְקַדִּישׁ דְּרַבָּנָן וְסִיּוּם

ס'זאל זיין צו דיי און צו
איך פריעדען פיעל
לייטזעליגקייט, גנאד,
ערבארעמונג און
א לאנגען לעבען מיט
גענוג נאהרונג און
הילף פון בעפארדעם
פאטער אין הימעל
און אויף דער ערד:
און זאגט אמן!

די וויטערדיגע פערזען „יְהֵא-שְׁלָמָא“
און „עֹשֶׂה-שָׁלוֹם“ זיינען דער שלוס צום
קַדִּישׁ יָתוֹם, שָׁלֵם, רַבָּנָן, קְבוּרָה און סִיּוּם:

יְהֵא שְׁלָמָא רַבָּא
מִן שְׁמַיָּא, וְחַיִּים
(טוֹבִים*); עָלֵינוּ
וְעַל כָּל יִשְׂרָאֵל
וְאִמְרוּ אָמֵן!

שלום [illegible]

ס'זאל זיין פיעל פריעדען
פון הימעל און א לעבען
(פון גוטס*), אויף אונז
און אויף אלע אידען,
און זאגט אָמֵן!

